


№ ב. עפּעלבוים. 2.

# אין פריען הארבסט.



דערציילונג.



1921.

פארלאג מארקע פון ל. ליסיצקי.
הילע נעצייכנט פון ב. צוקערמאן.

די פארטרעטונג פאר אמעריקע:

Dr. Louis Zingman

261 west 125 str. New-York City U. S. A.

---

B. Epelbojmas.

**ANKSTYBĄ RŲDENĮ**

[Pasaka]

פאלקס-ביבליאטעק
„אידיש"

№ ב. עפּעלבוים. 2.

# אין פריען הארבסט.

דערציילונג



פארלאג „אידיש" קאוונע־בערלין.
1921.

# I.

עס איז געווען אריינער צופאל:

איינמאל פארנאכט איז גרינוואלד געקומען אין שטאט און איז גלייך אוועק צו די ראזנצווייג'ס אין הויז.

דאס פנים זיינס איז געווען שטארק פארברוינט פון דער זון; וואס האט אים אגאנצן זומער געבאקן אויפ'ן ברעג פון ים. און זיינע אויגן האט געבלישטשעט אזא פרישקייט, וואס דערמאנט אין שווארצע כוואליעס ווען זיי ברויזן און שטורמען. אין זיין גאנצער פיגור, אין זיין גאנג און באוועגן זיך, האט זיך געפילט אמענליכע שטארקייט וואס רייסט זיך אריבער די ברעגן...

נאך אזומער ליגן ביים ים, ווען ארום און ארום איז אזוי שטיל אונטער דער היין באטאג, און פארנאכט, טראגן זיך קוליות פון ווייטער נישט; נאך רעגנדיקע טעג ווען ער האט ארומגעבלאנדזעט און קוים ביי די ברעגן פון ים און די כוואליעס שטורמען און בייזערן זיך ווילד, שפריצן מיט שוים און ברעכן זיך ביים ברעג. און אמאדנע עלענטקייט הילט איין די נשמה -- נאך דעם זומער -- האט גרינוואלד דערפילט א ווארימע היימישקייט דא אין שטוב, וואו די עלעקטריע האט געברענט אונטער אהאלב ראזע שיין און דורך דעם אפענעם באלקאן האט זיך געהערט דאס בלאזן פון א ווינטל, און כמארעס קלייבן זיך אויפן הימל, דאס ששושען פון די בלעטלאך אויף די ביימער וואס טרייסלען זיך מיט אסיענ-דיקער פארטראכקייט.

גרינוואלד האט געטראפן דער מאדאם ראזענצווייג זיצן אין זאל ביי אקליינעם רויטן טישל. זי איז געווען אנגעטאן אין אזומערדיק קלייד, דאס פנים פריש געוואשן און געפודערט. לעבן איר איז געזעסן

דער מאַן, וואס האָט היינט אויך אויסגעזען אַ ביסל קלענער ווי ער איז, אפילו זיין גרויסע ליסינע האָט היינט אַרויסגערופן קיין געלעכטער ביי גרינוואַלדן.

אין שטוב האָט מען אים אויפגענומען ווייער היימיש. מען האָט אים גלייך געמאַכט אַן אָרט ביים טיש. דער הער ראָזענצווייג האָט עפּעס גענומען דערציילן אַ חכמה וואָס איז שוין עלטער פון גרינוואַלדן. גרינוואַלד האָט אים אָבער אויסגעהערט און נאַניך נוטמוטיג, עפּעס האָט ער געהאַט דאָס געפיל, ווי ער וואָלט מחויב געווען צו זיין. אונ־טער און יעדן אויסהערן.

די מאַדאַם האָט מאַדנע געקוקט אויף אים, דערביי איז איר פּנים האַלב־ערנסט געווען און די אויגן אירע האָבן באַקומען יענעם גלאַנץ, וואָס זיי באַקומען ווען אין קאָפּ באַמבעלט זיך אַזעלכע מחשבה...

גרינוואַלד האָט געטרונקען טיי און עפּעס האָט ער זיך געפילט ווי ער וואָלט געקומען פון ווייטע לענדער, וואו ער האָט געבלאַנדזשעט געהאַט אין ערלעכקייט, און איצט--עפּעס עלעקטריע, פּלוישן מעבל, אַ מאַדאַם וואָס איז געפּודערט, דאָס אַלץ איז אַזוי היימיש, אַזוי היימיש...

מאַדאַם ראָזענצווייג האָט זיך אַלע ווײַלע אומגעקוקט, ווי זי וואָלט ווען עמעצן עס איז ערוואַרט מיט שרעק, גרינוואַלד האָט עס באַמערקט און אין כוונות אַפּרעג געטאָן:

-- מאַדאַם, איר ערוואַרט געסט?

די מאַדאַם איז האַלב צוטומלט געוואָרן און אין פאַרלעגנהייט גע־זאָגט:

-- באַ אונז געפינט זיך די אַקטריסע בערינאַ, איר האָט דאָך גע־ווים געהערט פון איר?

-- איך האָב עפּעס יאָ געהערט, נאָר איר קיינמאָל נישט געזען. זי איז אַ שיינע דוכט זיך?

-- יא׳ זי איז זייער אשיינע... זי איז צופעליג בא אונז שוין אייני־גע טעג. אט וועל איך אייך באלד באקאנגען.

ביי די ווערטער איז אין זאל אריינגעקומען אהויכע שטאלצע פרוי נאך גאר איונגע. זי איז אריינגעגאנגען ווי צו זיך אין קאבינעט: אנגעטון אין אלייכטן קאפאט, די שווארצע האר צולאזט.

די האר זיינען געווען אזעלכע גלאנצנדיקע, אז פון זיי האט גע־שיינט מיט שווארצנס פון שווארץ. עס האט זיך פון זיי געטראגן אזוי־דיקער ריח און זיי האבן געגרייכט ביז איר טאליע, וואס האט זיך רע־ליעף אנגעזען, ווי דורכגעשיינט דורך איר העלן איינפאכן קאפאט.

זי איז אריינגעקומען מיט שטילע געלאסענע טריט. און אז זי איז צוגעקומען צום טישל און דערזען גרינוואלדן, האט זי כמעט נישט קוי־קנדיק אויף אים, זיך מיט ביידע הענט פארן קאפ גענומען און מיט א שוואך קול געזאגט:

-- דער קאפ טוט מיר אזוי וויי...

דערביי האבן זיך אירע ברעמען אויפגעהויבן קנייטשנדיק זיך לייכט אין שטערן, די אויגן האבן געקוקט אזוי קלאר און גרויס און די הענט אירע זיינען אנטבלויזט געווארן פון די האלבע ארבל.

מען האט זיי באהאנט. דערביי האט זיך די מאדאם עפעס ווי פארלארן. דאס איז גרינוואלדן געפעלן און ער האט זיך שוין דער־פילט היימיש צו איר.

ביים טישל האט מען גערעדט פון זומער און ים. גרינוואלד האט דערביי געמאכט אמינע, ווי איינער זאגט: שוין איינמאל אים... און גוט־מוטיק געשמייכלט.

בערינא האט באמערקט:

-- הער גרינוואלד, איר זיינט שטענדיק אזוי שווארץ, אדער איר זיינט עס אזוי פארברענט געווארן פון דער זון.

ער האט לייכט געענטפערט אין מיט אביסל גרויסקייט:

-- איך בין שטענדיק אזוי שווארץ אונ פון דער זון בין פאר־ברענט; אונ פון די שווארצע יס־כוואליעס האב איך אביסל שווארצקייט געיירשנט.

מאדאם ראזענצווייג האט מאדנע אפּגעטאָן מיט די אויגן אונ זיך אפּגערופן:

-- הערר גרינוואלד איך קליידט זייער דער ווייסער קאסטיום.

-- איך ווייס עס... האט גרינוואלד געשמייכלט אונ דא האט ער אויף זיך דערפילט די אויגן פון בערינא: זי האט אים זוי געדאנקט...

מיט אמאל איז בערינא אויפגעשטאנען, אנגעהויבן ארומשפאנען איבערן זאל, אונ אין יעדן קער אירן, האט גרינוואלד באמערקט עפּעס אזויגס וואס איז אים פרעמד... ער האט כלומרשט גערעדט מיט דער מאדאם פון פעלד אונ יס; נאר קיין איין קער אירן האט ער פון אויג נישט פארלארן.

אונ זי - בערינא, האט זיך עלאסטיש געבויגן, גייענדיק לאנגזאם איבערן זאל הין אונ צוריק, מאכנדיק פאזעס פון מעלאנכאליע. דער הער ראזענצווייג האט זיך וארגלאז אפּגערופן:

-- אהא, אונזער בערינא איז שוין משוגע...

זי איז צוגעלאפן צום הערר ראזענצווייג לאכנדיק:

-- ווער איז משוגע? איך בין גאר משוגע? פרעמדע מענשן קענען נאך טאקי מיינען... דערביי האט זי געכאפּט ראזענצווייגס האנט אונ ראזענצווייג האט נאריש צופרידן געלאכט. באלד האט זי זיך געווענ־דעט צו גרינוואלדן:

-- אונ איר גלויבט עס?

גרינוואלד האט גראדע נישט געשמייכלט אוז איראניש אפּגעענט־פערט:

-- איך טראכט נישט וועגן דעם.

מאדאם ראזענצווייגס אויגן האבן ווי אויפגעשיינט. האט זי זיך צוגעבוינגן צו גרינוואלדן און עפּעס אין איין אטעם אנגעהויבן ריידן און לאכן:

-- ווי א מענש ווערט עס פארפאלן... אגאנצן זומער זיך נישט צווייזן אין שטאט. און־ווי א מענש ווערט עס אזוי שווארץ...

גרינוואלד איז מיט אמאל ערנסט געווארן. דאס גאנצע היימיש־קייט איז מיט אמאל אויס געווארן. עפּעס האט ער דערפילט אזא מין עלענטקייט און עס וואלט געווען ווי עפּעס אדאר־פּסמאן וואלט אריינ־געפאלן אין שטאט צווישן אריסטאקראטיע. האט ער זיך אויפגעשטעלט און געזאגט:

-- איך דארף שוין פארן אהיים.

-- אין דארף אריין?

-- יא.

-- איר קענט דאך בלייבן בא אונז נעכטיקן! -- האט די מאדאם פארגעלייגט.

-- איך וויל נישט.

בערינא האט באמערקט:

-- א שלעכטער מענש הערר גרינוואלד.

ער האט נישט געענטפערט און זיך אנגעהויבן געזעגנען.

בערינא האט פלוצלונג געפרעגט:

-- איר רעכנט דען צובלייבן ווינטער אויך אין דארף?

-- ניין.

-- ווען זשע קומט איר אין שטאט.

גרינוואלד האט איר שטריינג אנגעקוקט, נאר אין אירע אויגן איז געווען יענע פארגליווערטע עקשנות, וואס, מאכט אז אין מה זאל עפּעס אציטער טון. האט ער א צי געטאן מיט די אקסלען:

-- איך ווייס נישט.

בערינא האָט געשמייכלט. די מאַדאַם האָט זיך עפּעס אויפגע־
וועצט אויף אַ שטול און געקוקט פּשוט אַזוי זיך...

גרינוואַלד האָט זיך געזעגנט און אַ ז אַרויס.

אויף דער גאַס איז ער געגאַנגען גיך. געגאַנגען ווי איינער וואָס
האָט פּלוצלונג געפונען פאַר זיך דעם אָנהויב פון אַ קנויל' וואָס וויקלט
זיך פאַנאַנדער, ברייענגענדיק מיט זיך אַ שיין פון אַ פּערספּעקטיוו. ער
איז געווען נישט אַליין; עפּיס האָט ער מיט זיך געטראָגן אין אַמין אינהאַלט
און אַזוי איילנדיק איז ער אַוועק צום טראַמוויי...

אין וואַגאָן איז געווען ליידינלאַך. אין אַווינקל איז דער קאָנדוקּ־
טאָר יואיק געזעסן און האַלב געדרעמלט. איינציגע מענשן וואָס זיינע
געפאַרן, האָבן זיך געהילט אין זייערע מאַנטלען, שוין ווינטערדיקע. אַ
קאַלט ווינטל האָט געבלאָזן, און גרינוואַלדן האָט שטאַרק באַנג געטאָן
וואָס ער איז אָנגעטאָן אין דעם לייכטן קאָסטיום; וואָס ער האָט מיט
זיך נישט מיטגענומען דעם מאַנטל.

ער איז געזעסן און עפּעס האָט אים אומרויקע מחשבה אָנגעהויבן
פּייניקן. ער האָט די מחשבה נישט געטריבן פון זיך. פאַרקערט, ער האָט
פאַרמאַכט די אויגן און זיך איינגעטיפט אין דעם געדאַנק.

איז ער געזעסן פויל און די מחשבה האָט זיך געפּלאָנטערט אין
קאָפּ. דער וואַגאָן איז געלאָפן שנעל. קאַלטע ווינטלאַך, וואָס דערמאָ־
נען אין ווינטערדיקע עלנטקייט, האָבן געבלאָזן דורך די אָפענע פענס־
טער, און גרינוואַלד האָט עפּעס מיט אַמאָל דערפילט דעם ריח פון
שניי. פון אַזאַ שניי וואָס קאָכט אויף דאָס בלוט אין די אָדערן... און
עפּעס וואָס מער ער האָט זיך איינגעמאָלט דעם ווינטער מיט דער ווינ־
טערדיקער עלענטקייט, אַלץ מער האָט זיך פאַרשאַרפט דער זינדיקער
געדאַנק... "אין די עלענטע ווינטער־טעג, ווען ערגעץ אויף אַ פעלד
הירושעט דער ווינט איבערן שניי, ווען די ביימלאַך אין וואַלד זיינען
אַזוי פאַרלאָזט און פאַרוואָגלט. אין די דאָזיקע טעג איז דאָך די זינד
אַזוי הייליק"...

## II.

אז דער טראמוויי האט זיך אפגעשטעלט אין דארף, האט זיך גרינוואלד פויל אויפגעשטעלט און אז ער איז אראפ פון וואגאן האט ער עפעס נישט געוואוסט וואו ער איז אין דער וועלט.

ארום און ארום איז געווען שטארק פינסטער, די ביימער האבן מיט פרעמדקייט און פערהוילינקייט געשארכעט. עפעס האט זיך גע־פילט, אז ערגעץ אין דער טיפניש פון דער נאכט ווערט געבוירן די ווייטערדיקע עלענטקייט, און נאך האט זיך געפילט--ערגיץ בלאנזשען אידן מיט לאנגע בערד קעגן ווינט און קנייטשן, שטארק די שטערנס עפנענדיק ברייט די אויגן...

אים איז מיט אמאל געווארן אומעטיק אויפ'ן הארצן, דער זינדי־קער געדאנק איז ווי אויסגעוועפט געווארן. ער האט זיך דערפילט עלנט און מיד און עס האט אים געצויגן צום שלאף.

ער האט געקלעטערט הויך שמאלע וועגלאן צווישן ביימלאך. פון ווייטנס האט־זיך נאך געהערט דאס קלינגען פון טראמוויי וואס איז אויסגעגאנגען אין דער נאכט ווי אנעשריי. זיין אויער האט פארנומען דאס ושהושען פון ים וואס האט מאנאטאנע און איינטאניק נישט אויפ־געהערט זיך צו בייזערן זיך און מיט אמאל האט ער פארגלוסט אראפ־גיין צום ים.

ער האט זיך געלאזט גיין בארג אראפ. זיין אויג האט פארנומען די ווייטע שווארצע אויבערפלאכע פון ים. ביים ברעג האבן זיך ווייסע שוימיקע גריוועס געהויבן און געפאלן. אין דער לופט האט עס גע־שפריצט מיט דראבנע טראפנס, עפעס ווי מען שפריצט ווען מען וויל אקראנקן פארשלעפן... ערגעץ ווייט, אין נעבל האט ארויט פייערל

פלוצלונג ארויסגעשימערט און פלוצלונג פארלאשן געווארן; זיך ווי־דער באוויזן און אין אויס־געווארן.

דאס זשומען האט זיך געצויגן ווי אקול וואס וויגט איין און וועקט צו דער זעלבער צייט. ארום און ארום הויערן שווארצע סקאלעס וואס קוקן פארהוילן און שטום. צווישן זיי -- זיצט עפּעס אפארל. ביידע זינען אין דער פינסטערניש ווי צוזאמענגעגאסן. טוליען זיך איינער צום אנדערן.

אים איז מיט אמאל געווארן ביטער אויפן הארצן און ער איז שטיין געבליבן.

אין דער היים שלאפט דאס ווייב. שלאפט און כעסט זיך מסתמא אין בעטל שלאפט זיין פינף יאריקער יונגל וואס איז אזוי ענלאך צו אים. און בשעת מעשה נעמט אים אן ארחמנות אויף זיך אליין. ער פארשטייט עס בכלל נישט ווי אזוי איז עס געשען וואס ער איז גע־ווארן א מאן און א טאטע... מערקווירדיג...

געוועזן איזגנט אזא ליבע געוונטע יונגט און ער האט זי געפטר'ט און אים פאלט איצט איין: מערקווירדיג, איך האב דאך קיינמאל אפי־לו נישט געזינדיקט. און דאס הארץ האט אים איצט אזוי ווי געטון. ער פילט ווי עס שטיקן טרערן און קענען זיך נישט ארויסרייסן ווען ער קען וואלט ער זיך עפּעס געטון צו להכעס, אליין זיך נוקם געוועזן אין זיך אליין... און דא האט זיך ווידער אין זיין מח אויפגעוועקט דער זינדיקער געדאנק. און ס'איז געוועזן אזוי, ווי א מענש האט דערזען דאס גליק פון וועלכן ער האט געהאט פארגעסן. און דער פארלאנג דאס גליק צודערגרייכן ווערט אזוי ברענענד... ווידער האט ער זיך דערמאנט אן בערינא.

ער האט אנגעהויבן שמייכלען און דער געדאנק איז ווידער אויסגעגאנגן.

עס האט זיך דערהערט אמיידליש קוויטשערדיג געלעכטער פון ארט וואו דאס פארל איז געזעסן.

ער האט אויך אויפגעציטערט, האט אין דער פינסטער געמאכט אגרימאסע און זיך געלאזט גיין אהיים.

איצט האט אים דאס הארץ געקלאפט און ער האט זיך געהיילט.

אז ער איז אריינגעגאנגען אין צימער, האט ער געטראפן אקליין לעמפעלע צאנקען. אזא וואכדיגקייט האט אים אשלאג געטאן אין פנים און געוועזן איז - ווי ער וואלט אריינגעפאלן אין א אומ־ברחמנות־דיקן אומעט, וואס שווייגט און איז זיך נוהם שטילערהייט.. דאס ווייב איז געלעגן אין בעט, איז געשלאפן אדער זיך געמאכט שלאפנדיק. אין בעטל דערביי איז געלעגן זיין זון.

ער איז עפעס אין כעס געווען, אליין נישט וויסנדיק פארוואס. אים האט פאדראסן פאר וואס ער איז שולדיק און דארף שולדיק זיין.... עפעס אט דער צימער מיט דעם ווייב און קינד... דאס לעבן הרג'עט אים, בינט אים מיט איזלבע קייטן פון וועלכע ער פלאנטערט זיך און קען זיך נישט אויספלאנטערן...

ראשית האט ער זיך אנגעהויבן אויסטון. דאס ווייב האט מיד און פארשלאפן אויפגעהויבן דעם קאפ און אים אנגעקוקט מיט כעס און וואונדער, ער איז שטיין געבליבן ווי אנגעפאלן; נאר דא האט דאס ווייבל צוריק געלייגט דעם קאפ און פארמאכט די אויגן.

ער איז נאך מער אין כעס געווארן. זיך שווייגנדיק אויסגעטאן און געלייגט. ער איז אבער באלד נישט איינגעשלאפן; אים איז געווען, ווי ער וואלט פלוצלונג דערזען, אז ער איז אוועק ווייט, ווייט פון דעם ארט וואו עס איז געבליבן זיין נשמה. נישט באמערקנדיק האט ער זיך פון דארט דערווייטערט איצט האט ער זיך אומגעקוקט אונטער זיך און דערזען דעם ווייטן מרחק. און געפילט האט ער, אז ער מוז אהין נאך צוריקקערן; נאך איינמאל האטש אידער די האר זיינע ווערן גרוי...

ער איז פּלוצלונג ווידער מיד געוואָרן. האָט אָנגעהויבן שמייכלען פון זיך אַליין.

מאַדנע׳ מאַכט זיך נאַריש ווי אַ אינגל. וואָס אייגענטליך האָט ער דאָ דערזען? איז דאָך זיין איינציק גליק זיצן לעבן ים מיט זיין פענזל און מאָלן דאָס וואָס זיין אויג פאַרנעמט...

ער האָט מיט אַמאָל כמעט אַן אַלין פאַרגעסן. אים האָט איצט נאָר פאַרדראָסן וואָס ער האָט זיך געלייגט אַהונגעריקער... נאָר ער איז דאָך איינגעשלאָפן...

אַז ער האָט זיך אינדערפרי אויפגעכאַפּט איז אים ווידער געוואָרן אומעטיק.

ער האָט געשוויגן. די פּרוי זיינע האָט אויך אים געקוקט משונה ווילד. זי איז נישט געוואוינט אים אַזוי צו זען. האָט זי געפּרובט צו אים רייד׳ן, אים פרעגן וואָס איז מיט אים געשען. נאָר ער האָט נישט געענטפערט און איז באַלד אַוועק מיט שטילע טריט צום ים.

דאָס מאָל איז ער אַוועק פאַר׳עקשנט דאָרט וואו מען טרעפט נישט קיין מענשן. עפּעס האָט ער זיך געפילט אַזוי טרויעריק־רואיק.

דאָס אָרט וואָס ער האָט זיך אויסגעקליבן איז געווען צווישן הויכע סקאַלעס. ער האָט זיך אויסגעצויגן און געקוקט פאַר זיך׳ סתם אין דער וועלט אַריין טראַכטנדיק אַזוי אומבאַשטימט אַז ער אַליין האָט נישט געפילט וואָס ער טראַכט...

דער ים איז איצט געווען רואיק׳ קוים באַמערקבאַר זיך געכוואַלעט די זון האָט שטאַרק געברענט און ס׳איז געווען אַזאַ שטילקייט וואָס זעט אויס ווי פאַרגליווערט׳ אַזוי׳ אַז מען קען זי מיט דער האַנט אָנטאַפּן. ער איז געלעגן און געקוקט׳ ווי דאָרט ווייט גיסט זיך צוזאַמען דער הימל מיט דעם ים. פון האָריזאָנט דאָרט גייען אויך בלייכע כמאַרעס.

און מערקווירדיג׳ עפּעס די כמאַרעס זעען אויס ווי יונגפרויען׳ וועלכע שטייען שטאַלץ מיט נאַקעטע פיסאַון ברוסטן. שטייען שלאַנק

און פארטרוימט ווי זיי וואלטן ווארטן אף עפעס. ער האט דאס אויג זיינס נישט געקענט אפרייסן פון דער זעאונג, איז ער געלעגן ווי פאר־שטארט, האט געפילט דעם געזאלצענעם ריח, געגראבן מיט די פינגער צווישן די שטיינדלאך און אין הארצן איז אים ערגער און ערגער גע־ווארן.

דאס בלוט האט אין אים אנגעהויבן קאכן, האט ער אויסגעצויגן די ליפן ווי צום קושן. דאס גאנצע וועזן זיינס האט זיך אין אים גע־קראמפט ווי א שלאנג. ער האט פלוצלונג פארמאכט די אויגן און זיך אנגעהויבן מאלן עפעס אזוינס וואס האט אים פארשכורט. האט ער אויסגעצויגן די הענט ווי צו א תפילה, דאס פנים אין די שטיינדלאך געגורעט און געבעטן אויף זינד... זיין גאנצע נשמה האט איצט גע־לעכצט נאך דעם...

אווילע איז ער אזוי געלעגן, דערנאך האט ער זיך אנגעהויבי מאטערן און געוואלט ארויספרעסן אפאר טרערן, כאטש צוויי טרערן. נאכדעם האט אים אלין וואכנדיק געמאכט...

האט ער זיך אויפגעזעצט. איצט איז ער ווידער מיד געווען. און ווי ער וואלט מיט אמאל דערפילט אז ער איז שוין נאענט צו די פעלזן, איז ער אויפגעשפרונגן שמאלין און שלאנק. דאן איז אים איינגעפאלן: ער וואלט זיך דאך געמעגט אויסבאדן...

ער האט אראפגעווארפן פון זיך די קליידער. מיט איין שפרונג איז ער אין וואסער געווען, זיך פריילאך געווארפן פון זייט אויף זייט, אטעמענדיק אזוי האסטיק, און ארויסגעלאזט פרייד־געשרייען, מיט אמאל האט ער דערפילט די יוגנט וואס איז צוריקגעקומען און שטראמט מיט היים לעבן, ווי אמאל, ווען ער איז אזוי יונג געווען... נאר באלד האט ער דערפילט ווי אים איז קאלט. אמאדנע זאך, די זון ברענט כלומרשט נאר די שיין האט שוין א אפגלאנץ און עפעס אזוינס וואס איז ענליך צו גלאנציק קופער, און ער איז שנעל ארויס פון וואסער.

אז ער איז צוריק געגאנגען׳ האט ער פריי און טיף געאטעמט עפּעס ארום און ארום ווערט מיט אזא גוטסקייט׳ נאר ער האט באמערקט ווי אסך דאטשעס שטייען שוין ליידיק און ער האט מיט אמאל דערפילט דעם ריח פון סכות־באטאג׳ ווען אידן שפּאצירן אויפן פעלד׳ אומעטום איז שוין ליידיק׳ זעלטן וואו עס שטייט עפּעס אפּגערטע אמאלטראכטע׳ און שלעפּט די לעצטע גרינסן פון דער ערד.

אז ער איז אהיים געקומען׳ איז ער שטארק פריילאך געווען. דאס ווייב האט אים ווידער אנגעקוקט משונה ווילד׳ האט עפּעס גישט פארשטאנען. און ער האט געזאגט:

-- שוין ליידיק ביים ים... אלע׳ אלע זיינען זיך שוין צופארן... מען דארף זיך שוין די וואך ציען אין שטאט אריין...

III.

דעם טאג אין וועלכער ער איז געקומען אין שטאט׳ איז דער הימל געווען שווארץ מיט דער שווארצקייט פון אסיענדיקע טעג. א רעגן האט געשפּריצט אזוי קלאנגדיק אן דער זמערדיקער פריילאכקייט. מענשן זיינען אין גאס שוין געגאנגען אין קאלאשן און אין אסיענדיקע פאלטעס׳ און גרינוואלדן איז עפּעס זייער גוט געווארן אפן הארצן.

אין צימער וואו ער האט זיך אריינגעצויגן.--זיינען די ווענט געווען אויסגעקלעפּט מיט פרישע טאפּעטן, דאס פּאפּיר איז געווען העל־גערין מיט ווייסע קווייטן. א פארב וואס איז העל אין ארעגנדיקן טאג און שאטנדיק אין אין ליכטיקע זוניקע טעג. ווען אין דרויסן שפּריצט א רעגן און איבער די שויבן קייקלן זיך טראפּנס וואס ציען זיך אויס אין שמאלע פּאסעקלאך׳ לויפן אין איין אטעם אן אויפהער. דאס בעט איז פארשפּרייט מיט אריינער קאלדרע און עס פילט זיך דערפון דער

ריח פון ווייס־קלאר בעט־צייג. דאס אינגל האלט עפעס אביכל און איז אין דעם פארטיפט, דאס הייב פארקעט זיך שטילערהייט אין ווינקל. איז אזוי געמיטליך צו ליגן אויסגעצויגן אף דער קושעטקע און טראכטן:

דארט איז דער ים צאר־נדיק, עפעס אהיכע דאר־ע שיקסע, וואס איז איינגאנצן אפגעברענט פון דער זון אזוי, אז דורך דעם רינעם קלייד שלאגט דורך דער בראנז קאליר פון איר לייב. גייט זי געלאסן גאר נישט טראכטנדיק, קנעט מיט די בארוויסע פיס אין ליימיקן ברעג, די האר זיינען איר אראפגעפאלן און צוגעפלעטשט צום פנים. פון ווייטן שטייט א פישער־יונג ביי זיין „לאדקע" אויך מיט אבראנזן געזיכט און אויגן שווארצע ווי דער ים און קוקט ווי פארשטארט.

דער ים ברויזט, אשווארצע געזונטקייט טראגט זיך פון ווייטע האריזאנטן, דער ווינט רייסט, ארום און ארום איז אזא טויטקייט וואס לעבט אויש. און דא אין צימער איז אזא שטובעקע ווארימקייט...

ער איז איצט צופרידן פון הייב און קינד. צופרידן פון דעם וואס באלד וועט נאכט ווערן און מען וועט ארייננטראגן דעם זודיקן סאמאר־וואר, און געטראכט האט ער: אך, ווי גוט ס'איז צו הערן ווי אסאמאר־וואר זידט, אזוי שארכענדיק ווי ער וואלט עפעס אמעשה דערציילט...

נאר פארנאכט־־האט זיך ערגעץ אין עק הימל דער וואלקן צור־ריסן און אגעלבע זון האט ארויסגעקוקט פארן פארגיין. איבער די שפיצן בוימער וואס זיינען געשטאנען ביים פענסטער, האבן זיך בלענ־דענדיקע שטראלן געשפינען, געשפיגען זיך ווי א צו רויטע פארב אף מיידלשע בעקלעך ווען דאס הארץ און לונגען זיינען שוין אזוי קראנק...

האט גרינוואלד דאס פענסטער געעפנט און אים איז ווידער גע־ווארן בענקענדיק אפן הארצן. עס איז אים געווארן, ווי ער וואלט זיך אין א אונגעהויער־גרויסן זאל געפונען, וואו הונדערטער טירן זיינען פאראן פון אלע זייטן און אלע זיינען אויפגעפראלט... ער איז אזוי נישט אליין, אזוי נישט מיט זיך. דאן האט עס אים ווידער דערמאנט

אין ווינטער, אין ברייטע פארשנייטע פעלדער. דאס ווינטל אין דרויסן, וואס האט אזוי סודות׳דיק געבלאזן, האט אים אין דעם דערמאנט. האט ער זיך אנגעטאן דעם מאנטל מיט דער גרויער היט וועלכע האט צוגעגעבן זיין פנים אבאזונדער פארשטארטקייט און איז אוועק פון שטוב.

געגאנגען איז ער צו די ראזענצווייגס. די זון איז שוין דאן געווען פארגאנגען. אויף דער גאס האט ער באמערקט ווי מענשן גייען שוין שנעל. אלע זיינען שווייגנדיקע און פילן דעם הארבסט וואס רוקט זיך אן. אים האט מאדנע פארגלוסט אויסשרייען מיט אגעלעכטער:

-- פארשפילעט דעם פאלטא אף אלע קנעפלאך! כא־כא־כא! עס ווערט ווינטער.

נאר ער האט דאך קיין שמייכל אפילו נישט געקענט ארויסבריינגען. עפעס איז ער געווארן שטאלין און ערנסט און זיך אויך געאיילט.

בא די ראזענצווייגס אין שטוב האט שוין געברענט די עלעקטריע די מאדאם איז ארויסגעקומען פון שלאף־צימער מיט צילאזטע האר און נאקעטע הענט. דערזעענדיק גרינוואלדן אין קארידאר, האט זי זיך ווי צוריקגעצויגן נאר זיך באלד פארגעסן און אים אויסגעצויגן די האנט זייער פריינטליך.

ער ווידער - האט איר אנגעקוקט מיט אזא בליק וואס זאגט גיכער גארנישט ווי פריינטליכקייט. זי האט אים אריינגעפירט אין זאל האט זיך געזעצט אף דער פלושענער קושעטקע מאכנדיק אים א ארט לעבן זיך.

ער האט זיך געזעצט, דערביי איז איר פנים פלוצלונג געווארן, ווי זי וואלט באגעגנט איר געליבטן אף וועמען זי האט אזוי לאנג געווארט. איצט איז זי גרייט עפעס צו הערן, אזוינס וואס אינטערעסירט איר אזוי שטארק. די אויגן האבן זיך בא איר שנעל באוועגט, דאס פנים האט זיך גערויטלט און די ברוסט האט זיך שטארק געהויבן.

גרינוואלד האט געפילט, אז דארט איבער דער וואנט זיצט איצט בערינא אין איר צימער. עס קען זיין אז זי זיצט איצט ביים שפיגל, און פירט זיך אונטער די גרויסע שווארצע אויגן און אפשר, זיצט איצט לעבן איר איונג וואס האט אליסינע מיט געראזירטע וואנסעם. דערציילט פון טעאטער און טרופעס און זי...

די מאדאם האט עפעס גערעדט, דערציילט א מעשה: איר קענט אים דאך דעם אלטן בערמאנען... אט דעם העברעאישן לערער... א מערקווירדיקער איד... ־דערביי האט זי זיך שטארק צולאכט- ער האט נאך גאר איונגע נשמה... ער קומט אפט אריין און רופט מיר שפאצירן

גרינוואלד האט נישט פארשטאנען וואס דא איז פאראן צו לאכן און געפרעגט סתם אזוי זיך:

-- איז דער אלטער?

די מאדאם האט זיך צופלאמט. די אויגן זיינען איר עפעס ווי שטייענדיק געווארן. האט זיך גענטער צוגערוקט צו גרינוואלדן און אין איין אטעם:

-- אנומעלט קומט ער אריין... איך בין דא געלעגן אף דער קושעטקע... האט ער זיך אראפגעבויגן און געוואלט קושן...

די מאדאם האט זיך ווידער צולאכט מיט דעם געלעכטערל, וואס האט עפעס אנדערש גערעדט, און גרינוואלד האט דערפילט א ריח פון אלט פלייש און פודרע. ער האט געמאכט א גרימאסע און געזאגט:

-- נו, וואס דען? צו יונגע מיידלאך וועט ער זיך דאך נישט כאפן..

די מאדאם האט זיך עטוואס אפגערוקט פון אים, מאדנע אראפגעלאזט די אויגן. נאר באלד געשמייכלט:

-- און וואס איז דער גליק פון יונגע מיידלאך?

גרינוואלד האט זיך אויפגעשטעלט:

-- בערינא איז בא זיך אין צימער?

ער אליין האָט זיך עטוואָס דערשראָקן. זיין קול איז עפּעס גע־וועז נידריקער און לייכט געציטערט. און אים האָט זיך געדוכט אַז דאָס פּנים איז אים עטוואָס בלייכער געוואָרן.

די מאַדאַם איז לייכט אויפגעשפּרונגען. מיט דער קיילכדיקער פי־גור זיך אַמאָדנעם בויג געטאָן דערביי האָט אין איר האַנט פּלוצלונג אַקלונג געטאָן דער בונט שליסלאַך. האָט זי אויסגעזען ווי זי וואָלט עפּעס איינעם אַ פּרעמדן די טיר געעפנט אין דער מינוט ווען זי איז שטאַרק פאַרנומען מיט איר בעל־הבית׳ישקייט, און זי ענטפערט אים נאָר אויף דער פראַגע וואָס האָט צו איר קיין שייכות נישט:

— גיט אַקוק, דאַכט זיך אַז יאָ.

און אליין האָט זי שוין געמאַכט אַטריט אַריינצוגיין אין עס־שטוב.

גרינוואַלד האָט אַנגעקלאַפּט אין טיר פון בערינאַ׳ס צימער. ער האָט דערהערט אַמין משונה׳דיקן שאַרך און אַ שטימע: אַריין.

ער איז אַריין און עפּעס דאָס האַריץ האָט אים ווי אַנגעהויבן קלאַפּן.

דאָס צימער איז געווען געקלעפּט מיט ראָזעווע פּאַפּיר אויף וועלכן עס האָבן זיך געצויגן ווייס דינע שטרייכן מיט קליינינקע העל־בלויע קווייטלאַך. דאָס עלעקטרישע לעמפּל האָט געברענט אונטער אַראָזאָ־ווער שיין און אין גאַז האָט אים אַשלאַג געטאָן אַבילינער סאָרט אַדע־קאָלאָן וועלכן עס באַנוצן דאָך אַריסטאָקראַטן. בערינאַ איז אים אַנקעגן געגאַנגען ווי אין אַלטן באַקאַנטן. די האָר זיינען איר געווען צולאָזט, דאָס פּנים צופלאַמט, די אויגן שוואַרץ־־קלאָר, און האָט צו אים אויסגעצויגן די האַנט.

אויף אַשטול איז געזעסן עפּעס איונגערמאַן מיט ראָזירטע וואַנ־סען. האָט אויסגעזען צו זיין אַרוסישער לערער וואָס דרייט זיך אין אַריסטאָקראַטישע קרייזן. ער איז געווען עפּעס צווישן פריילאַכקייט און

טרויעריקייט. דאס ערשטע וואס האט זיך געוואָרפן גרינוואלדן אין די אויגן, איז געווען, זיין ביינערדיקע נאז מיט דעם קראגן פון זיין סטו־דענטן-טוזשורקע וואס האט געהאט אַ אפגעריבענעם קאנט.

גרינוואלד האט זיך דערפילט זייער רואיק, פונקט ווי ער וואלט נאר־וואס אויפגעשטאנען פון באטאגיגן שלאף. דאס קול זיינס איז גע־ווען אביסל הייזעריקלאך. ער האט זיך באקאנט מיט דעם יונגן מאן וואס האט איצט געקוקט זייער נאריש און געשמייכלט. האט אים אפ־געמאסטן מיט א אויג פון אויבן ביז אראפ, וועלכן בערינא האט באלד באמערקט, איז זי עטוואס צוטומלט געווארן און באלד אנגעהויבן לאכן צוגייענדיק שטארק נאענט צו גרינוואלדן אזוי, אז ער האט דערפילט דעם ריח פון איר אטעם.

ער האט זיך עטוואס אפגערוקט און גלייכגילטיק געפרעגט:

-- נו, וואס מאכט איר? איר זייגט נאך אלץ משוגע?

בערינא האט זיך צולאכט.

-- יא, ווי געפעלט ער אייך, אט דער אידי וואס האנדלט מיט בורקעס און לאכט מיט אזא גראב קול?

-- גאנץ גוט.

-- אזוי! כא־כא־כא!

גרינוואלד איז עפעס ווי בייז געווארן, פונקט ווי דער לערער מאירסאן וואלט אים דא אפגעטאן אגרויסע עולה. און מערקווירדיק -- ער פילט ווי ער וואלט איר אפילו געקענט אויסריידן...

זי האט אים געפרעגט:

-- איר זיינט שוין אין שטאט?

-- יא.

-- פארט פארלאזט דעם ים מיט די כוואליעס?

-- און עס טוט מיר זייער באנק נאך אים.

-- ער איז דאך אין שטאט אויך פאראן.

-- און דאָס פֿרייט מיך.

דער לערער האָט דאָ אָנגעהויבן שמייכלען. בערינאַ האָט זיך אויסגעקעדט צו אים און אים געפֿרעגט עפּעס אַזוינס וואָס האָט געהאַט אַשייכות צום געשפּרעך וואָס זיי האָבן פֿריִער געפֿירט, יענער האָט געענטפֿערט און גרינוואַלד האָט עפּעס פֿאַרלוירן דאָס געדולד און זיך אויפֿגעשטעלט.

זי האָט אים ווי פֿאַרווירט אָנגעקוקט און באַלד צוגעגעבן ווערנדיק דערביי עטוואָס צוטומלט:

-- איך דאַרף עפּעס מיט אייך איבעררייַדן וועגן דאָס וואָס מיר האָבן גערעדט אַנומעלט.

גרינוואַלד האָט געמאַכט אַ ערנסטע מינע און דערביי געשמייכלט אין האַרצן.

אַ ווײַלע איז די שטימונג געווען אָנגעשפּאַנטע. דערנאָך האָט דער לערער אַרויסגענומען דאָס קעשענע זייגערל, האָט געגעבן אַקוק און געמאַכט אַמינע ווי ער וואָלט זיך נישט גערעכנט עס זאָל שוין זיין אַזוי שפּעט, און אַז ער מוז שוין גיין. האָט ער אָנגעטאָן דאָס היטל. בערינאַ האָט אים געפֿרעגט, וואו ער היילט זיך. ער האָט געזאָגט, אַז ער מוז ערגעץ אַרייַנגיין, זיך געזעגנט און איז אַרויס.

גרינוואַלד האָט אַ ווײַלע געשוויגן.

זי איז צוגעגאַנגען נעענטער צו אים.

-- איר זענט דאָך נאָר אַבייזער.

-- איך בין עס טאַקי.

-- ווי איז עס אַמענש אַזוי שלעכט?

-- און ווער זאָגט דען, אַז מען דאַרף זיין גוט? גוט זיין הייסט, ניט קענען קעמפֿן, גוט זיין הייסט, בעטלען. שלעכט זיין הייסט, קענען נעמען...

זי האט אים אנגעקוקט מיט וואונדער. איר איז אבער זייער געפעלן זיין דרייסטקייט, אירע אוינן האבן דערביי פארלארן זייער רייני קייט. זי האט עפעס ווי געטראכט וואס אים צוזאגן.

-- איר זענט דאך אשטיק ציגיינער! -- האט זי אמאך געטאן מיט דער האנט ווי זי וואלט געמיינט אים אגלעט צוטאן איבער דעם קאפ. ער האט דעם קאפ אראפגעבויגן און געשמייכלט:

-- נישט ריכטיג. איך--בין נאר איך. שטענדיק איך.

-- שטענדיק!

ווי ווייט מעגלאך.

-- געדיינקט זשע! האט זי צו אים געמאכט מיט דעם פינגער. און ער האט דערפילט די נאענטקייט פון זינד צו וועלכער ער האט איצט אזוי געביינקט און געזאגט מיט כונה:

-- מענשן זיינען בכלל נאראנים. באוואוסטזיניקע נאראנים. כדי צו געפינען וואס מען וויל -- האט מען זיך אויסגעלערנט צו מאכן דערביי אפנים פון דער טיוול ווייסט וואס.

-- וואס רעדט איר.-- האט זי געלאכט-- איך ווייסט וואס איר רעדט.

-- איך ווייס שוין גראדע וואס איך רייד. איר האט אמאל געזען ווי אבהור זיצט לעבן אמיידל מיט אטרויעריק פנים. די גאנצע וועלט איז אים אונטערגענאנגען... הא־הא.

עס האט זיך דערהערט א קלאפ אין טיר און עס איז אריין די מא־דאם ראזענצווייג.

גרינוואלד האט איר אפגעמאסטן מיט אזא בליק, אז זי האט גע־מוזט אפווענדן דעם פנים פון אים. זי איז אריין כלומרשט לאכנדיק:

-- חברה, מיר איז אומעטיק.

-- וואס איז שולדיק ווייסט איר וואס? האט גרינוואלד געפרעגט.

-- אדרבה וואס. האט זי אום אזוי געבעטן מיט די אויגן אז ער האט שוין נישט געענדיקט מיט דעם וואס ער האט געוואלט -- און געזאגט:

-- עס קומט אן דער ווינטער. עס זיינען שוין די ימים נוראים און די אומעטיגקייט לאזט זיך שוין פילן.

די מאדאם האט געלאכט, איז אים געווען דאנקבאר. בערינא האט געלאכט.

די שטימונג איז געווען אאנגעשטריינגטע און דאן האט די מאדאם אנגענומען אמינע פון א פרומער גבאי'טע וואס וויל אינהיטן פון חטאים

גרינוואלד האט זיך דערמאנט, אז עס איז שוין שפעט און מאדאם דאזענצווייג האט זיך נוקם געווען:

-- און דאס ווייב מיט דעם קינד ווארטן אין דער היים. וואס מאכט אייער אינגל. אך! ס'אר אטייערער בחור. מארגן וועל איך קומען אים זען

-- ביטע. -- האט גרינוואלד דורכגעלאזט דורך די ציין.

ער האט זיך געזעגנט. בערינא האט אים באגלייט צו דער טיר. ווידער אמאל אים דערלאנגט איר האנט.

גרינוואלד האט אין דער ווארימקייט פון איר האנט דערפילט דאס וואס עם בלאנדזעט בא איר אין מח. געפילט ווי איר הארץ קלאפט און בא אים אין הארצן האט זיך אמין שרעקנדיקע ווארימקייט אויפגעהויבן.

-- וועלן מיר גיין צום שטאטישן ים. האט ער פלוצלונג שטיל אפרעג געטאן.

-- קומט מארגן באטאג.

-- א דאנק.

ער איז ארויס, גייענדיק שנעל. אויף די טרעפ האט ער דערפילט ווי עפעס האט זיך אנגעהויבן וועבן ארום אים. אזעלכעס וואס שכור'ט

איין, וואס פירט אים צוריק אהין צו דעם ארט נאך וועלכן ער האט זיך די לעצטע טעג אזוי געצויגן, און עפעס דאס צוריקגיין איז געווארן א געוועב, וואס שפינט און שפינט אוים אנעין פאר אים, און ער איז גרייט געוועזן זיך אין איר זיך צוווארפן מיט זיין גאנצער נשמה.

## IV.

עס איז שוין געוועזן נאך האלבן טאג. ביים ים איז געווען שטיל און לייזיק. אווינטל האט געבלאזן מיט אזא פרישקייט, פון וועלכן מען קען זיך נישט אפרייסן און אויפערן אײן רגע צו אטעמען. די זון איז געווען ערגעץ פארהוילן און אין דער לופט האבן זיך געטראגן די בלייכע כמארעס וועלכע זיינען געווען צוזאמענגעגאסן אין איינעם אזוי, אז מען האט נישט באמערקט ווי זיי טראגן זיך.

דער ים האט אויסגעזען ווי ער וואלט זיך צו עפעס געגרייט. ער האט זיך טונקל־שווארץ געווינט. ערגעץ ווייט איז א שיפל געשוואומען איונג מיט פארקאשערטע ארבל האט שנעל געארבעט מיט די וויעסלעס פונקט ווי ער וואלט נאך געוואלט ערגעץ אנקומען איידער די נאכט וועט צופאלן. אף אצווייטער שיפל וואס איז אין מיטן ים געשטאנען און זיך געווינט, ריטמיש איז געזעסן איונגער שטארקער בחור. פון ווייטנס האט זיך געפילט אז זיינע אויגן זיינען שווארצע. איז ער געזעסן ווי אפארביינגעטער אין ים און זיך צוגעהערט צו זיין שטילן שעפטשען.

די בוימלאך ביים ברעג האבן זיך געשושקעט מיט יענעם ריח, וואס מען דערפילט אין אפרום בית־המדרש אין א שבת'דיקן בין השמשות.

צווישן די גרינע בלעטלאך האבן זיך שוין דא און דארט אנגע־יען געלבע. אף דער ערד צווישן גראז האבן זיי זיך שוין אויך געוואל־גערט.

גרינוואלד און בערינא זיינען געזעסן האלב ליגנדיק אפן גראז. ער האט גערעדט פון פארבן און פון דעם וואס די וועלט איז אייגנטליך אזוי שטום און אײנגנאַרטיק נאר די פארבן ריידן און באצייכנען... און נאך האט ער גערעדט וועגן דעם וואס ער האט זייער ליב די צייט צווישן זומער און ווינטער. ווי זיין נשמה לעבט אויף אין דער טרויעריקער שטילקייט פון פריען הארבסט. עפעס דאן ווערט געבוירן אין הארצן אזא געפיל וואס מאכט שווייגנדיק. עס מאלן זיך אוים שלאנקע פרויען וואס שווייגן פארטראכט.

בערינא האט אויסגעהערט אויפמערקזאם נאר אין ווינקל פון אירע ליפן איז געלעגן אהאלבער שמייכל וועלכער האט ווי באדייט: איך פארשטיי... איך פארשטיי...

זי האט זיך פלוצלונג אוועקגעשטעלט אזוי גראציעז און תאוה׳דיק ווי אשלאנג. פון אונטערן קלייד האט זיך ארויסגעוויזן דער פוס ביז צו דער קני און פון אונטער דעם זיידענעם אזשורגעם זאק האט עס געשיינט מיט עפעס אזעלכעם וואס מאכט ציטערן דאס הארץ.

זי האט שנעל אראפגעצויגן דאס קלייד, דערביי אפנהארציק געזאגט:

-- איך האב זייער ליב מיינע פים. סקולפטארן האבן מיר געזאגט אז די ליניעס זיינען מערקווירדיקע. דערביי זיינען איר די אויגן ווידער מוטנע געווארן און פון דער מוטנעקייט האט געגלאנצט אזא מין גלאנץ וואס טרינקט זיך אין גרינקייט.

ער האט איר עפעס געענטפערט. נאר אין האלז האט אים ווי פארשטיקט און געפילט, אז ער איז אריבער אין אנדער וועלט.

עפעס האט ער מיט אמאל געכאפט איר האנט און אשטארקן דריק געטאן אזוי, אז זי האט אים מיט דער צווייטער האנט אקלאפ געטאן איבער זיינע און זיך אפגערוקט פון אים.

ער האט נעשמייכלט און מער קיין ווארט נישט געקענט ריידן.
זי האט געלאכט צופרידן און גערעדט:

-- איר זענט דאך פולשטענדיק ווילד. ווייזט אויס אז מען ליגט אפ אזומער ביים ים ווערט מען נישט נארמאל.

זיין קול איז געווען זייער שטיל.

-- ווירקליך, אז מען ליגט אפ אזומער ביים ים, לערנט מען זיך אויס נישט זיין צובראכן. די אדערן גיסן זיך אן מיט היים בלוט... מיט בלוט וואס פאדערט און נעמט...

-- אזא שטארקער זיינט איר?

-- יא.

-- איר האט זיך איינגערעדט.

-- אפשר.

זי הא זיך ווי באליידיקט האט גענומען גלעטן אירע האר און געשעפטשעט האלב נאריש: -- שא.. שא...

זי האט זיך געברוגזט לאכנדיק:

-- איר ווילט מיר מאכן פאר אקינד.

-- דאס האב איך נישט בדעה. דאס זיינט איר געווים נישט.

מיט אמאל איז אים נמאס געווארן די גאנצע שפיל, האט ער זיך אויפגעשטעלט און איר די האנט דערלאנגט.

זי האט אנגענומען זיין האנט און זיך אויפגעשטעלט.

זיין פנים איז שטארק בלייך געווארן, אזוי אז זי האט זיך כמעט ווי דערשראקן און זיך עטוואס אפגערוקט. ער האט איר האנט אנגע-כאפט אזוי אז זי האט ארויסגעלאזט אגעשריי פון ווייטאג, איז אפגע-שפרונגען און געקוקט אף אים מיט משונעדיקע אויגן.

-- איר זיינט דאך אגעפערליכער מענש!

-- איך בין עס.

-- ס'איז דאך מיט אייך אסכנה!--נאר זי האט שוין געלאכט.

ער איז נאך אלין געווען בּלייך און געזאגט:

-- איך בּין זיך מודה, איך בּין זייער ווילד געוואָרן.

-- זווירקליך?

ער האָט זיך ·צולאכט.

ביידע זיינען געגאנגען געלאסן. ער האָט איר ארומגענומען און זי האָט זיך נישט אפּגערוקט. איז ער ווידער געוואָרן ווי ער וואָלט זיך אָן אלעס פארגעסן און זי ווידער געגעבן אשטארקן דריק צו זיך.

זי האָט זיך מיט אקרעכץ ארויסגעדרייט פון אים, האָט אים אָנ־געקוקט כעס׳דיק און נישט גערעדט א וואָרט.

ביידע זיינען געגאנגען שווייגנדיק. ארויטליכער שטראל האָט זיך ערגעץ ארויסגעריסן דורך די כמארעס און ווי א שאַ־פּע אונגעהויער גרויסע שפּיז דורכגעשטאכן די כוואַליעס.

אַז זיי האָבן זיך דערהויטערט פון ים האָט זי אנגעהויבן רײדן. און פּלוצלונג אזאג געטאָן:

-- אמאָדנע זאך. איר קענט איר׳ דער מאדאם ראָזענצווייג. זי איז דאך שוין גאָר נישט יונג.

-- זי איז אָבער קראַנק אויף יוגנט...

-- ווירקליך?

-- עס גיט אזא קראנקייט... און זי איז זייער אנגעפּערליכע....

-- פאַר וועמען?

-- פאַר מיר. פאַר נאך אזעלכע...

זי האָט אויסגעשאָסן מיט אגעלעכטער און ער איז שוין געווען ווי שכור. האָט ער אנגענומען וואָרם איר האַנט און גערעדט מיט אקול פון אשוואך גרויס־קינד וואָס בעט זיך.

-- ווי קומט איר אהין.... ווי אזוי קענט איר דאָרט זיין בא דער דאָזיקער אין שטוב...

זי האט געענטפערט פונקט ווו זי וואלט עס געהאט לאנג באַ־שלאסן.

-- איך וועל מיר היינט איבערציען אין אהאטעל... מיר האט זי שוין דערעסן.

זיינע אויגן האבן איצט זיך אנגעצונדן. דער געדאנק איז מיט אמאל בא אים פארענדיקט געווארן און ער האט געזאגט:

-- זייער גלייך... זייער גלייך... איר זיינט אַטייערע...

ער האט דאס אַרויסגערעדט מיט אזוי פיל ווייכקייט און היי־מישקייט אז זי האט זיך שטארק דערנענטערט צו אים, האט צופרידן געשמייכלט און געזאגט כאפנדיק אים אונטערן ארים.

-- אט גיי איך באלד אהיים... נאך היינט פאר איך איבער אין האטעל.. פארנאכט וועט איר שוין קענען צו מיר אַריינקומען און נישט שרעקן זיך פאר דער מאדאם.

ער האט געפילט ווי איר האנט ציטערט און אציטער איז אים דורכגעלאפן איבערן גאנצן לייב. אין מח האט זיך אים ווי אנעבל אַראפגעלאזט, האט ער אראפגעלאזט די ברעמען און געאטעמט לאנג־זאם און אויסגעצויגן.

ער האט פלוצלונג דערפילט, אז ער איז שוין בא יענעם אַרט ביי וועלכן ער איז שוין אמאל געווען, איצט פעלט נאך דערצו אפאר־ביסענע עקשנות...

זי האט מיט אמאל אנגעהויבן גיין שנעלער:

-- עס ווערט שפעט, דער אוונט וועט צופאלן און איך דארף נאך געפינען א נומער.

זיינען זיי שנעל געגאנגען ביידע האבן מער נישט געפילט ארום זיך גאר נישט, אויסער זיך אליין... האנט אין האנט געשלאסן האבן זיי געאיילט.

אז זיי זיינען צונעקומען נעענטער צו ראָזענצווייגס וואוינונג האָט זי געזאָגט:

-- גייט איצט, איך וויל נישט די מאַדאַם זאָל עפּעס באַמערקן.

דאָס קול איר'ס האָט אַזוי פיל צוגעזאָגט, און ער איז געווען אַזוי צוטומלט, אַז ער האָט זיך אפילו נישט אָפּגערעדט ווי אַזוי ער וועט וויסן וואו זי צו געפינען.

זי'איז שנעל אַריין אין טיר. ער איז געגאַנגען גיך און געפילט ווי דאָס פּנים פלאַמט אים.

אַז ער איז אַהיים געקומען האָט ער אין שטוב קיינעם נישט גע־טראָפן, וויזט אויס אַז דאָס ווייב מיט דעם קינד זיינען אַוועק שפּאַצירן.

ער האָט זיך געוואָרפן אויף דער קושעטקע און געגראָבן דאָס פּנים אין קליינעם קישעלע און עפּעס ווי געזיפצט פון בענקשאַפט.

## V.

די פרוי מיט דעם קינד זיינען געקומען פון שפּאַציר. זי איז אַריין אָפּריילאַכע, דאָס פּנים איז איר געווען פאַרפלאַמט און אין גאַנצן האָט זי האָט אויסגעזען אַזוי פריש ווי צו איר וואָלט זיך נאָר וואָס אַנט־פּלעקט איונגט חלום...

ער איז געלעגן אויף דער קושעטקע און מאָדנע געקוקט אויף איר. דאָס יונגעלע איז צו אים צוגעלאָפן און געכאַפּט קושן. אים איז עפּעס נישט היימלאַך געוואָרן דערפילנדיק נעבן זיך דעם נפשל מיט דעם געגרייזלטן קעפּל וואָס רופט אים „פּאַפּאַטשקאַ״.. דאָס ווייב האָט גע־שווינגן באַדייטנד און אונטערגעזונגען שפּיגלענדיק זיך קאָקעטיש.

ער האָט אויסגעשטעלט די אויגן מיט אַפּראַגע, דערבייַ האָט ער אַרויסגעבראַכט אַשמייכל אויף די ליפּן און געפרעגט.

-- וואָס איז עפּעס היינט?

זי האט געלאכט:

-- ס'איז גאר נישט... איך האב זיך געטראפן מיט אבאקאנטן.. איך האב שוין אלאנגע צייט נישט געזען... דו קענסט אים דאכט זיך, נישט.

עפעס איז ער זייער צופרידן געווען פון דעם וואס זי האט באגעגנט אבאקאנטן וועלכן זי האט שוין לאנג נישט געזען... און דא איז דערווייל אויסגעגאנגען דער לעצטער שטראל וואס האט דורכגעשלאגן דאס פענסטער און עס איז געווארן נאכט.

ער האט זיך מיט אמאל ווי פארלארן. עפעס האט זיין אויג גארנישט געזען. זיין אויער -- גארנישט פארנומען. די זון האט אים געלאכט אין געצווינגן. און אז מען האט אנגעצונדן די עלעקטריע איז ער עפעס אינגאנצן געווארן ווי ער וואלט אראפ פון זינען. ער האט זיך געמוזט איינהאלטן, ער זאל נישט ארויסריידן עפעס אזוינס, וואס דאס ווייב וואלט אים קיינמאל נישט געקענט פארגעסן.

עס האט זיך דערהערט אקלאפ אין טיר און עס איז אריין מאדאם ראזענצווייג.

גרינוואלד האט עפעס נישט ווילנדיק אנגעהויבן שמייכלען דערזעענדיק ווי זי איז אויסגעפוצט. אין נאז האט אים אשלאג געטון אשארפע פארפום, נאר דאך האט ער געפילט דעם ריח פון פודרע.

ער האט זיך זייער העפליך מיט איר באגריסט. באלד האט זיך די פרוי זיינע געכאפט איר אויפנעמען ווי אחבר'טע. די מאדאם האט זיך געווענדעט צום אינגל, אנגעהויבן ריידן צו אים קינדעריש. צו גרינוואלדן האט זי געקוקט זייטיק מיט אזא שעלמישן שמייכל פון וועלכן גרינוואלדן האט גענומען עקלען.

ער האט געשווינגן פארביסן אין זיך גענומען צורעכטמאכן דעם קראגן און פארקאמען די האר.

מאַדאַם ראַזענצווייג האָט זיך ווי פאַרשעמט און געמאַכט זיך נישט זעענדיק נאָר באַלד האָט זי געפונען דאָס וואָרט:

-- איר ווייסט? -- האָט זי זיך צו אים געווענדעט, שפּילנדיק זיך מיט דעם אינגל -- בערינאַ האָט זיך שוין אַרויסנעקליבן פון אונז...

ער האָט אָנגעשטעלט אַפּנים ווי אים וואָלט עס גאַרנישט געש-מעקט און אַז זי האָט אים מיט דעם גאַרנישט געשטערט און געענטפערט:

-- אַזוי? וואָס איז עפּעס?

-- ווייס איך? פאַר אַזעלכע... ס׳הייסט קינסטלער, אַקטריסע פּאַסט בעסער אַהאָטעל.

כאַ־כאַ־כאַ! ריכטיג... ריכטיג...

זי האָט אים אַווײַלע אָנגעקוקט פאַרוואונדערט און ער האָט צו־געגעבן שפּיגלנדיק זיך און פאַרשלייפנדיק זיין שלייף:

-- זיצן אין אַבאַלעבאַטיש הויז איז גוט פאַר אַבאַלעבאַסטע מיט אַבופעט... מיט שליסלעך...

מיט אַמאָל האָט ער זיך גענומען איילן. האָט זיך געזעגנט מיט מיט דער מאַדאַם, נישט באַמערקט ווי דאָס ווייב קוקט אױף אים מיט כעס אין איז אַרויס.

די מאַדאַם האָט אים נאָכגעקוקט און לייכט געקנייטשט דעם שטערן; דערביי האָט זי זיך ווי עפּעס באַשלאָסן, אָנגעהויבן אויסטון דעם הוט און דעם מאַנטל -- זי בלייבט דאָ אַביסל.

ווען גרינוואַלד איז אַריין צו די ראַזענצווייגס אין שטוב האָט ער דאָרט באַגעגנט דעם עלטסטן זונדל. אַנידעריק־געוויקסיגער יונג מיט כיטרע לויפנדע אויגעלאַך: וועלכע האָבן געירשנט דאָס תאוהדיקע מוטנע גרינקייט פון דער מוטער. ער האָט אים גלייך געפרעגט:

-- בערינאַ איז פאַראַן?

-- ניין. זי וואוינט שוין אין אַהאָטעל.

-- ווירקליך?!

-- יא.

און ער האט אים געזאגט דעם אדרעס.

גרינוואלד איז געווארן רואיק און זיכער. ער איז אריין אין עס צימער דארט איז געזעסן דער הער, צושפילעט דעם ראק, און קראגן און גטזופט טיי.

ער האט אים דערלאנגט די האנט און געשמייכלט מיט אמין מידקייט און גלייכגילטיקייט.

גרינוואלדן האט זיך עפעס ווי פארעקשנט בלייבן זיצן דא א שטיקל צייט

האט ער פארפירט א געשפרעך מיט דעם בערזע-סוחר וועגן פא־ליטיק און ליטעראטור. דער הער האט פון אנפאנג גערעדט נישט גערן נאר באלד האט ער זיך צו־עדט און גענומען אנטוויקלען אזעלכע בא־נאלע נישטיגע באלעבאטישע געדאנקען.

דא האט זיך גרינוואלד דערמאנט ווי בערינא'ס אויגן האבן אויס־געזען דאן ווען זי האט זיך באשלאסן ארויסצוציען אין אהאטעל. און עס האט אים אזש ביים האלז פארצויגן. איז ער אויפגעשטאנען־שטאלץ און דרייסט, געלאזן דעם הער אין מיטן פון זיינע געדאנקען וועגן דער גרויסקייט פון די נביאים אין ציוניסטישן געדאנק, געזאגט אגוטע נאכט און איז ארוים.

ער איז כמעט געלאפן איבער דער גאס. געאיילט ווי אהאלב משוגענער. געפילט האט ער ווי דאס פנים פלאמט אים. עס ציט א ווילדקייט וואס פלאקערט אין די גלידער. אין מיטן לויפן האט ער באגעגנט עפעס אבאקאנטן, יענער האט אים באגריסט און געוואלט גיין ווייטער. גרינוואלד האט אבער געפילט אנויטיקייט זיך אפצושטעלן.

ער האט עפעס גערעדט דער באקאנטער האט דערציילט עפעס אגעשיכטע פון אקינסטלער מיט אבילד... דערצו איז פארמישט עפעס אשווערע איבערגעשפיצטע ספעקוליאציע... נאר וואס און ווען האט

גרינוואלד נישט געהערט׳ און נישט געוואלט הערן. יענער האט זיך פלוצלונג אפּגעשטעלט אין מיטן דערציילן.

-- גרינוואלד וואס איז מיט אייך?

-- וואס זאל זיין?

-- עפּעס זיינט איר אזוי צוטראגן?

-- יא... דער קאפּ טוט מיר וועה׳ איר ווייסט דאך אז איך לייד אויפן קאפּ.

-- איר האט היץ?

-- א! איך ברען אוש... איך! אייל מיך טאקי אהיים.

האט ער זיך מיט יענעם געזעגנט און אנגעהויבן שפּאנען שנעל.

דער באקאנטער האט אים נאך אזוילע נאכגעקוקט און געצויגן מיט די אקסלען.

אז ער איז ארויף אף די טרעפּ פון האטעל--האט אים דאס הארץ אנגעהויבן שטארק קלאפּן׳ ער האט זיך אבער נישט אפּגעשטעלט׳ איז גלייך צו צו דעם נומער און אנגעקלאפּט.

-- קטא טאם? האט ער געהערט איר שטימע פון אינעווייניק.

ער האט ווידער אנגעקלאפּט און נים געקענט קיין ווארט ארויס-ריידן.

-- קטא טאם? האט זיך ווידער געהערט איר שטימע.

-- גריג--- און ער האט נים דערענדיקט. עפּעס האט אים דאס ול שטארק געציטערט.

די טיר האט זיך געעפנט און ער איז אריין.

שטיל איז ער אריינגעטראטן׳ ווי עפּעס א כהן און מקדש פון זינד... ער האט שווייגנדיק אויסגעטון דעם הוט. זי איז געווען אנגעטון אין אזוייער לייכטן כאלאט׳ די האר צולאזט און זיך געבויגן פאר-שפּרייטנדיק דאס בעט

אווילע איז ער געשטאנען גלייך און בלייך. דאס פנים איז בא אים געווארן אזוי לוידנד. זי איז עפעס אויך געווארן צורודערט. איז זי גלייך צוגעגאנגען צו אים, הארט צו אים. האט אים אריינגעקוקט אין די אויגן און געפרעגט:

-- גוּ?

-- גאר נישט.

ער האט זיך געזעצט. זי לעבן אים. די פאלעס פון כאלאט זיינען אראפגעפאלן פון אירע קניען. זי האט איין האנט אריינגעלייגט אין זיינע, מיט דער צווייטער האט זי געגלעט זיין שווארצן קאפ וואו עס האט דא און דארט געגלאנצט אזילבער האר. ער האט לאנגזאם אויסגעדרייט דאס פנים צו איר. איןביידענס אויגן וואס האבן זיך באגעגנט האט אויפגעפלאקערט עפעס ווילדעס, ווי בא ווילדע חיות וואס ווילן איינע אויף דער אנדערער אנפאלן.

זי האט עטוואס אויסגעצויגן צו אים דאס פנים. ער האט דערפילט דאס ווארימקייט פון איר ריצנדן קערפער. האט נאך אווילע געקוקט פארעקשנט און פארביסן, מיט אמאל -- עס האט אים עפעס ווי אועק געטאן אין קאפ. זי האט אנגעהויבן שטארקער אטעמען און א שמייכל האט געשפילט אף אירע ליפן. האט ער איר פלוצלונג אריינגעקלאמערט אין זיינע ארימס אזוי אז זי האט לייכט געקרעכצט און זיך צו אים געטוליעט און ער האט זיך ווי איינגעגעסן אין אירע ליפן.

זי האט זיך געווערט, גאר ער איז געווען ווילד, האט מיט אמאל אנגעהויבן בייסן און קושן אירע הענט און האלז.

זי האט זיך אויפגעשטעלט, אויסגעריסן זיך און אויסגערופן:

-- ווילדער יונג... וואס ווילסטו?

-- איך וויל זינדיקן.

און ווידער זיך געווארפן צו איר.

אבייזע קאַנוואולסיע איז עס געווען. אבייזער כּח האָט אים באַ-הערשט. האָט ער געביסן און געקושט, פּונקט ווי דער כּח וואָלט זיך צום לעצטן מאָל אַרויסגעריסן... זי האָט געקעמפּט מיט אַזאַ פאַרביסנ־קייט און געשמייכלט האַלב צושראָקן, ביז ער איז מיד געוואָרן. האָט זי אים אָפּגעוואָרפן פון זיך אויפן בעט, אַליין זיך אָפּגערוקט.

-- איר זיינט דאָך געפערליך...

ער האָט זיך אויסגעצויגן אויפן בעט. דער פלאַם איז געפאַלן. האָט ער פאַרמאַכט די אויגן און געאָטעמט אַזוי ווילד און טיף.

זי איז צוגעגאַנגען צו אים אויף די שפּיץ פינגער, זיך איינגעבויגן איבער אים, און־קוּשנדיק אַבּיס געטאָן אין די ליפּן. ער האָט זיך אַברונ־דיקער אָפּגעקערט פון איר.

זי האָט זיך געזעצט אויפן בעט. האָט גענומען זיין קאָפּ צווישן אירע נאַקעטע פולע הענט. האָט אים צערטליך איינגעהילט זיין פּנים אין אירע געדיכטע האָר, וואָס האָבן געשמעקט מיט אַזאַ היץ וואָס טרייבט צו שגעון. ער האָט געלייגט זיין קאָפּ אויף איר שויס, פאַר־מאַכט די אויגן און שטיל געשעפּטשעט.

-- טייערע... איך וויל זיין דער נביא וואָס זאָל זיך היילקן דורך זינד... אמתע געזונדטע זינד איז דאָך אַזוי הייליג... הייליקייט איז דאָך דאָס מערהרסטע אַזינד...

-- נאַרישער מיינער -- האָט זי צופרידן אים געקושט אין די ליפּן.

ער האָט זיך געצויגן צו איר:

-- טייערע! צו וויפל אַזעלכע מאָמענטן איז אַמענש זוכה אין זיין לעבן?... און דו. .

ער האָט זיך מיט אַמאָל ווידער אָנגעצונדן און אין איין ווילע האָט ער איננאַנצן געפלאַקערט ווי מיט שגעון. זי האָט געשמייכלט זי־כער אין איר עקשנות. אַרום און אַרום האָט זיך אַלץ געצונדן אין פלאַ־

מען. נאר זי האט זיך ווי אבייזער שלאנג געראנגלט און איז אפגע־שפרונגען.

-- ניין... נישט היינט...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

שפעטער זיינען ביידע רואיק געווען. ביידע זיינען געזעסן טוליענ־דיק זיך איינער צום אנדערן און געשוויגן.

פלוצלונג איז ער ווי בייז געווארן, האט זיך אפגערוקט און אויפ־געשטאנען.

-- דו גייסט שוין?

-- און אפ נישט צוריק צו קומען.

-- משוגענער.

-- איך בין עס געווארן.

-- נו׳ שא... שא... האט זי אים אנגעהויבן גלעטן.

ער האט זיך פון איר אפגעקערט און אנגעטאן דעם הוט.

-- איך האב גארנישט בדעה צו זיין אשפילכעלע...

זי האט געשוויגן און ער איז צו צו דער טיר. ער האט זיך אבער באלד צוריקגעקערט:

-- ווען זאל איך קומען?

-- ווען איר ווילט.

-- גיי איך.

-- און נישט קומען ווען עס וועט זיך נישט ועלן... וועסטו קו־מען וועל איך וויסן אז דו האסט זיך אונטערגעגעבן.

---

# VI.

בערינאַ איז געזעסן בײם טישל אין ענגען האָטעל־צימערל, האָט געקוקט אין שפּיגל און עפּעס איז זי געווען אַזוי רואיק, צום וויינען רואיק.

זי האָט געקוקט אױף איר פרישן געזיכט. נאָר אונטער די אויגן האָט זי באַמערקט שוין קענטיקע סמנים פון קנייטשלאַך. ביי די ווינקלען ליפּן האָט אויך די הויט עטוואָס נאָכגעלאָזט די שטײפקײט. פּלוצלונג האָט זי אַטראַכט געטאָן:

— וועל איך, הייסט עס, אין עטלאַכע יאָר אַרום האָבן אָפּגעשפּילט מײן וועלט?...

ביי דעם געדאַנק איז זי מיט אַמאָל ערנסט געוואָרן. עפּעס האָט זי מיט אַמאָל דערפילט דעם ריח וואָס מען פילט אָפט אין שלאָף־צימער פון אַרייבער־אַריסטאָקראַטישער עלטערע דאַמע, וואָס פאַרבט זיך נאָך די האָר, שמירט דאָס געזיכט, נישט דערפאַר וואָס זי פילט אין דעם אַנויטיגקייט, נאָר — ווייל עפּעס שרעקט איר.

און פלוצלונג האָט זי זיך דערמאָנט, אַז ערגעץ אין די צפונדיקע גובערניעס צווישן פאַרשנייטע דערפער וואָס טוליען זיך שווייגנדיק, וואו עס וואוינען אַסך קאַצאַפּעס, און שווייגן האַלבע טעג. דאָרט פאַרט איצט אַרום דער מאַן אירער. איצט, קען זיין, וואַרט ער ערגעץ אויף אַקליינער באַן סטאַנציע אַפן צוג. די אויגן קלעפּן זיך אים. און אין מח באַמבלט זיך עפּעס אַגעדאַנק וועגן אַבאַשטעלונג וואָס ער האָט ברעה צו מאַכן אין צווייטן דאָרף.

דערביי האָט זי זיך צושמייכלט:

-- אמאדנער מענש איז דער מאן אירער. ער האט איר אפגעריסן פון דער סצענע, צו וועלכער עס האט איר אזוי געצויגן און געוואלט פון איר מאכן אגאנצע באלעבאסטע... אמאדנער מענש.

און באלד איז איר שטארק געפעלן דאס, וואס זי האט פארלאזט דאס קליינע שטעטל מיט דער שוויגער און די בלאטעס און איז אוועק אין דער גרויסער שטאט. און ווידער איז איר געפעלן, וואס דער מאן דרעהט זיך דארט ארום אויף דער קעלט אף דער קליינער באן סטאנציע און זי דא---- באגעהט אזא זאך פון וועלכער ער האט שטענדיק אהשד און ווייסט דאך נישט...

זי האט זיך אויסגעצויגן אפן בעטל און האט מיט אמאל דערפילט דעם באזונדערן האטעל־ריח, וואס טראגט מיט זיך פארהוילענע זינד און פרעמדע, ווילד פרעמדע באגעגנישן. און נאך האט זי דערפילט דעם ריח פון נישט זיכערקייט, און איר איז איינגעפאלן אמאדנער געדאנק:

-- ווער ווייסט, ווער אף דער בעט איז שוין אלין געלעגן... מערקווירדיק: מענשן קומען, מענשן פארן אוועק. און יעדער לאזט איבער אט אף דעם בעט עפעס תון זייז איך... און אפשר אטייל פון זיין לעבן. ווי האט ער געזאגט?: "צו וויפל מאמענטן איז אמענש זוכה אין זיין לעבן" אמערקווירדיקער מענש אט דער גרינוואלד. עפעס אזא ווילדער און זעט אויס אזא נאאיווער... הייסט עס, הונדערטער מענשן האבן אפשר דא איבערגעלעבט די שענסטע מאמענטן אין זייער לעבן... און איצט ליגט דא אף דער בעט בערינא, וואס הייסט אייגנטליך ברײנע, האט ערגעץ אין אקליין שטעטל אטאטן אמלמד און אף אפארווארפענער באן־סטאנציע אמאן אוואיאזשער. מערקווירדיק....

דאס לעמפל האט געברענט עפעס טונקל. עס קען זיין, אז שולדיק זיינען די טונקעלע טאפעטן אין צימער. אמאדנער איינפאל, נעמען

אצימער אין א האטעל און אויסקלעפּן מיט טונקעלע טאפּעטן, אמאָד־
נער איינפאַל...

און פּלוצלונג האט זי זיך דערמאַנט אַן גרינוואַלדן. ווי ער האט
עס אויסגעזען?! און געטראַכט האט זי: אזא טיפּ טרעפסטו נאָר אין
דאָרף צווישן נישט ענטוויקלטע. און דאָ - א ייד, מיט טיפּישע יידישע
געזיכט־ליניעס. און אין אים איז עפּעס מגולגל אוואַלד־מענש. דאַן
האט זי זיך באַשלאָסן: מאָרגן וועט זי אַגאַנצן טאָג נישט זייןְ אין צי־
מער. זי וועט נאָר אנזאָגן דער נידריקער גויע, אז אויב עמיצער וועט
איר זוכן, זאָל זי היסן איבערלאָזן אצעטעלע ..

און ווידער האט זי זיך דערמאַנט, ווי דער טאַטע אירער, וואָס
איז אַבעל־מוסף אין שטעטל, גרייט זיך איצט צו ימים נוראים, ווי ער
נאַרגלט דאָרט אין דער היים דעם יתגדל, און געלאַסן האט זי אַנגע־
הויבן ציען זיין נגון.... בשעת מעשה געזען גרינוואַלדס פלאַמענדיקע
אויגן, וועלכע גליען ווי בא אווילדער חיה און שפּריצן מיט זינד...

זי האט זיך נעקאַרטשעט גראָבנדיק דאָס פּנים אין קישן און גע־
טראַכט פון דעם, וואָס זי בייַנק נאָך אים. נאָר אין האַרצן האט עפּעס
אזוי פאַרנעבלט נעשראָקן, צו שנעל... דער פּלאַם קען זיך מיט אַמאָל
לעשן און דאַן וועט ווערן אזוי פּוסט אַרום און אַרום...

זי האט אָבער באַלד פאַרגעסן אַן דעם נעבלענדיקן נעדאַנק און
זי האט געפילט ווי די אויגן ווערן בא איר, פּונקט אזוי ווי מען קוקט
לאַנג אויף עלעקטריע..

איז זי פּלוצלונג אויפגעשפּרונגען פון בעט. האט שוין אין דער
מינוט גאַרנישט געטראַכט... עפּעס איז זי געווען, ווי זי וואָלט אויפגע־
שטאַנען פון שלאָף אין אַפרישן זומערדיקן פאַרנאַכט, ווען עס פילט
זיך דער ריח פון בלומען און די לופט גלעט אזוי אין פּנים.

האט זי זיך אַנגעטאָן דערביי האט זי זיך געהיילט אזוי פּונקט ווי־
זי וואָלט געדאַרפט ערגעץ לויפן און דערציילן.

-- דאס מאל בין איך ווירקליך גליקלאך, אסך מאל בין איך גע־שטאנען ביי דער זינד... נאר עס האט זיך אויסגעלאזט פונקט ווי אויף דעם עקראן ווען עס ווערט ליכטיק און מען דערזעט פאר זיך אוויסע לייוונט. נאר איצט....

זי איז ארויס פון צימער כמעט מיט הארצקלאפעניש.

אין גאס איז זי געגאנגען מיט שנעלע לייכטע טריט. נישט סתם געגאנגען נאר טאנצנדיק. זי האט געפילט די זיכערקייט אין דעם אז עפעס אליכטיקער שטראל ציט זיך צו איר. ער וועט זי זיכער דער־גרייכן... און זי האט אפילו געפרובט אונטערזינגען זיך... נאר זי האט קיין קול נישט געקענט ארויסברייגנען.

אז זי איז אריינגעגאנגען צו די ראזענצווייגס, האט זי געטראפן דעם הער זיצן אביסל קנייטשנדיק זיך. עפעס האט ער געליטן אויף נירן. און דער קשיס האט אים אפט געבראכן.

זי איז אריין אפיילאכע מיט אצופלאמט פנים. פון איר האט זיך געטראגן דער פרישער ריח, וועלכן מען ברייננט מיט פון גאס נאכ־דעם ווי עס איז נאר וואס ארויסגעפאלן דער ערשטער שניי. דער הער פון די בירזשעס, האט עפעס אנגעהויבן שמייכלען. די מאדאם איז גע־ועסן אביסל צוטומלט, האט זיך באלד אויפגעשטעלט און נישט גע־וואוסט וואס צו טאן. האט זי אויסגעזען, ווי זי וואלט נאר וואס אסך רכילות געהערט...

בערינא האט זיך אלאבנדיקע געווענדעט צום הער ראזענצווייג.

-- וואס זיצט איר אזא זויערער?

זי האט אים אנגעכאפט ביי דער האנט און קינדערש אים אצי געטאן.

ער האט זיך צולאכט.

-- אוי, אוי, לאזט אפ, דער קשיס ברעכט מיר!

זי האט זיך צולאכט.

-- גאָט איז מיט אײַך! וואָס רעדט איר? איר זײַנט דאָך נאָך אַזאַ יונגער מענש! -- און געלאַכט האָט זי מער פון דעם וואָס אַט דער ייִד ווען עס ברעכט דער קשיס, איז דער מאַן פון מאַדאַם ראָזענצווײַג נעמט איר איצט דורך מיט די אויגן. דערבײַ איז זי עס עפּעס משונה־דיק געוועזן פאַרבונדן מיט גרינוואַלדן.

האָט זי זיך דערפילט פּלוצלונג ווי אין יענע גוטע צײַטן, ווען זי איז אַרויסגעטרעטן אויף דער סצענע. האָט זי אָנגעהויבן נאָכמאַכן פאַר־שידענע ווײַבער, האָט אָנגעהויבן רײדן און ־שעפּטשוקולירן אַזוי טיפּיש ־יענטיש, אַז זי איז פּלוצלונג אַנטפּלעקט געוואָרן אַלס אַ ייִדענע פון קליינעם שטעטל וואו איר טאַטע איז מלמד און דאַוונט מוסף... איז דערבײַ אַלע ווײַלע צו צום שפּיגל און געקוקט צופרידן אויף זיך. מאַ־דאַם ראָזענצווײַג האָט געלאַכט מיט דעם געלעכטער וואָס עס לאַכט אַמידער, שלעפּעריגער, וועלכער הערט נישט ווי יענער שיט מיט חכמות און לאַכט נאָר ווײַל אַנדערע טוען עס. דער הער ראָזענצווײַג האָט אַ ווײַלע פאַרגעסן אין זײַן קשיס און געזאָגט לאַכנדיק.

-- וואָס זאָגסטו נישט צו איר, זי שײַנט דאָך הײַנט!

-- פּעטערשי -- האָט בערינאַ נאָכגערעדט אַקליינשטעטלדיקער ייִדענע -- איך בין פאַרליבט!

דערבײַ האָט זי נישט געקוקט אויף דער מאַדאַם וועלכע האָט נאַריש געשמייכלט.

שפּעטער איז זי אַמידע געגאַנגען צוריק צו זיך אין האָטעל. ראָ־זענצווײַגס נידעריקער יונג האָט איר אָפּגעפירט.

אַגאַנצן וועג האָט זי עפּעס גערעדט און געלאַכט. דער יונג האָט נישט געוואוסט ווי זיך צו האַלטן, צו זאָל ער אויך לאַכן אָדער נישט. נאָר פּלוצלונג איז זי שטיל געוואָרן און מער אַוואָרט נישט גערעדט ביז זי איז צוגעקומען צום האָטעל.

זי איז ארויף אף די טרעפ און מיט די אויגן געזוכט די נידעריקע גוי'ע' פונקט ווי זי וואלט געוואוסט אז די גוי'ע האט איר עפעס נויטי־געס צו זאגן' נאר אז זי האט איר דערזען זיצנדיק אין קארידאר איינגע־קארטשעט' פונקט ווי זי וואלט געטראכט פון קינדער וואס זיינען בא איר קליינערהייט געשטארבן' האט זי נישט געוואוסט ווי זי זאל בא איר פרעגן' האט זי נאר געזאגט:

-- ווערסט מיר געבן א פרישן ליילאך.

די גוי'ע האט זיך שווער אויפגעהויבן' פונקט ווי מען וואלט איר איבערגעריסן פון אווינטערדיק דארפיש טראכטן. און איז געגאנגען ערפילן דאס געבעטענע.

בערינא איז אריין אין צימער' און איר איז מיט אמאל באפאלן אשרעקליכער אומעט. עס האט איר שוין באנג געטאן נאך וואס זי האט זיך געהייסן געבן אליילאך. נאר ווען די גוי'ע האט איר ארייגגע־בראכט האט זי איר הארצליך געדאנקט. האט אויפמערקזאם געבעט דאס בעט' באשפריצט עס מיט אדעקאלאן. דערנאך האט זי זיך אויס־געטאן' איז געבליבן ליגן אפן בעט ווי עפעס אפארוואגלטע נשמה און אויפן פנים האט זיך אויסגעגאסן אביינקעניש וואס דערמאנט אן אפאר־לאזט פעלד ווען עס טריפט ארעגן...

דערנאך האט זי פארלאשן די עלעקטרי'ע' איז געבליבן שטיין אין מיטן צימער' האט ארויסגעלאזט אזיפץ' באלד זיך געלייגט און זיך איינגעדעקט מיט דער קאלדרע.

אין מח איז עפעס געווען אזוי פוסט און פון די ווענט האט עס געשמעקט מיט אזא הארבסטיקע עלענטקייט און זי האט זיך דערמאנט אן דעם בלאטינן שטעטל' וואו די שווינגער גייט ארום און ישוב'ט זיך צו זאל זי שרייבן דעם זון אירן ווענן דעם' אז זיין ווייב איז פלוצלונג אוועקגעפארן שפילן טריאטער?...

ווידער אמאל האט זי זיך דערמאנט אן איר מאן, וואס זיצט דארט ערגעץ אין אפויערש היזל, וואו עס שמעקט מיט אזא ווארים־קייט וואס איז אויסגעמישט מיט אריח פון היימיש קרויט, און עפעס אבלאנדע שיקסע זיצט ווי פערשטארט און קוקט אף דעם יידן וואס רעדט איין איר פאטער, וועלכער האט „אקלייט, ער זאל מאכן אבא־שטעלונג.

באלד האט זי דערפילט אז איר איז עפעס מיט אמאל ערגער געווארן, ערגער ווי נעכטן און אייערנעכטן. עס קען דאך טאקי זיין אז אט דער גרינוואלד וועט נישט קומען... אויב אזוי... ניין ווי גוט וועט זיין אז ער וועט מארגן קומען און איר נישט טרעפן... אויב נישט... וועט זי אים גיין זוכן?...

## VII.

צומארגנס איז בערינא אויפגעשטאנען פרי איז געווען עפעס צו־רודערט און געפילט עפעס אפארנעבלטע שרעק. האט זי אויסגעזען ווי נאך אשלאפלאזער נאכט. און פון אירע אויגן האט דאך געשיינט גליק און שכרות... זי האט זיך איינגעוואשן און איז ארויס.

געגאנגען איז זי שנעל, ווי זי וואלט געוואלט פון עפעס אנטלויפן איז גלייך אריבער אף דער צווייטער זייט גאס. פון דארט אף אזא גאס וואו גרינוואלד האט נישט געקענט אנקומען. איז גלייך אוועק אין אמאלאטשנע.

איז זי דארט געזעסן ביים טישל. אין הויז אנגעטאן, האט מאדנע געשווינגן און אויסגעזען ווי אריסטאקראטישע דאמע, וועלכע טראגט אשווערן סוד אין הארצן און היט זיך פון מענשן. זי האט מאדנע גע־קוקט, געזען און גארנישט געזען. עפעס האט זי געפילט ארום זיך די לופט פון אבילינן רעסטאראן וואס עס שפילט אמאשין און אין רויך

כוואליעס טראגט זיך אשכורער טאניץ פון מאטראסן מיט שיקסעס. זי האט געהערט ווי מענשן ריידן און ליענען צייטונגען נאר אלע ווערטער האבן זיך אויסגעמישט אין איין קנויל און זי האט קיין איין ווארט נישט געהערט.

אין הארצן האט עפעס אנעפיל גענאגט זי האט געוואוסט וואו עס ציט איר, נאר זי איז אליין מער געווארן פארעקשנט.

שפעטער איז זי ארויס פון מאלאטשנע און איז אוועק אף דער פאסט. עפעס האט זיך איר געדאכט, אז זי וויל שרייבן אבריוו צום מאן וואס בלאנדזעט דארט צווישן די דערפער.

זי איז לאנג געגאנגען און אין איין אטעם. נאר אין מיטן וועג האט זי שוין געהאט פארגעסן אין דעם בריוו. האט זי זיך געלאזט גיין צום פארק. און אהין אריין אליין גייענדיק שנעל פונקט ווי זי וואלט געדארפט עמיצן טרעפן דארט. דערביי האט זי געשפאנט שטאלץ און שלאנק ווי איינער וואס פילט, אז אין דער היים ווארט אף אים זיין גליק...

אין פארק איז געווען ליידיקלאך, ערגעץ אף אבאנק איז געזעסן אן עלטערע מיידל און געלייענט א ביכל. נעגן איר האבן זיך צוויי קינדער געשפילט. ווייזט אויס, אבאנע.

בערינא האט זיך געזעצט אף אבאנק געגנאיבער, און איר איז איינגעפאלן:

-- ווער ווייסט, אט דאס מיידל דינט בא אהער, וועלכער פארט ארום אף דער רייזע. אין שטוב קומען אריין יונגע לייט און אלע ליגן אף איר קיין אכט נישט... ווייל -- די מאדאם איז שענער... און אט פאר וואס זי זיצט אזא טרויעריקע ביים ביכל..-

איר האט זיך מיט אמאל פארגלוסט לאכן. די באנע איז עפעס ווי אומרואיק געווארן, ווייזט אויס, זי האט באמערקט ווי בערינא קוקט

אף איר. האָט זי זיך ווי אוואָרף געגעבן, אויסגעדרייט זיך זייטיק און געבליבן זיצן פאַרביסן.

בערינאַ איז צוריק אויפגעשטאַנען. עפּעס האָט עס איר נישט גע־לאָזט איינזיצן. איז זי ווידער געגאַנגען. די בלעטער האָבן געשאַרכט מיט אַמין שיטערקייט, און ביי יעדן טרייב פון ווינט האָבן זיך געלבע, האַלב רויטע בלעטער אָפּגעריסן פון די בוימער, זיך געדרייט אין דער לופטן און געפאַלן. די זון האָט אַזוי שאַרף געשיינט אַז עס האָט זיך געפילט ווי אַאַסיענדיקע שטילקייט הענגט אין דער ליידיגקייט, און עס האָט זיך געפילט דער ריח פון אַ סכות באַטאָג אין קליין שטעטל, ווען דער מאַרק איז ליידיק, די קלייטן פאַרמאַכט און אַפּאָר אויסגעפּוצטע מיידלאַך שפּאַצירן מיט פאַרביינקטע יידישע אויגן.

מיט אַמאָל האָט עס איר אָנגעהויבן היצן אין קאָפּ, די אויערען זיינען עפּעס ווי טויב געוואָרן און זי האָט זיך שנעל געלאָזט גיין צו־ריק.

זי איז געגאַנגען און שטאַרק געביינקט נאָך דעם שכרות וואָס זי האָט שוין געפילט אין אַלע אירע גלידער. איצט איז איר מיט אַמאָל קלאָר געוואָרן: זאָל זי אים נאָר טרעפן. זאָל זי נאָר אַריינקומען אין איר צי־מער און אים טרעפן וואַרטנדיק. זי וועט מער גאָרנישט ריידן... דעם שליסל האָט זי דאָך געלאָזט אין טיר.

אַז זי איז געקומען אין האָטעל. איז איר די גויע אַקעגן געקומען און דערציילט מיט איר דאָרפישער רואיגקייט:

-- געווען עפּעס אַ יונגער מענש, אַחוּכער, אַשוואַרצער, אַן וואַנ־סעס. האָט זי אים געהייסן וואַרטן... איז ער עפּעס אַריינגעגאַנגען, נאָר באַלד אוועק.

זי איז אַזש בלאַס געוואָרן פון דער ידיעה, איז שנעל אַריין אין צימער. געכאַפּט אַצעטעלע וואָס איז געלעגן אויפן טיש די הענט האָבן

איר נעציטערט. פאר די אויגן האט עטוואס געשווינדלט און זי האט איבערגעלייזנט אנשטרענגענדיק דעם געדאנק:

„איך האב זיך געהאט אונטערגעגעבן. איך בין געקומען. איצט בין איך אוועק און וועל מער נישט קומען... אדאנק וואס איך האב דיר נישט געטראפן...״

זי האט פארביסן די אויבערשטע ליפּ און געפילט אז עפעס איז איר איצט אוועקגעקומען.

איז זי דערנאך געלעגן אפן בעט, געגראבן דאס פנים אין קישן און געפילט ווי זי פלאמט פון אברענענדיקן באגער...

און עפעס האט זי געוואַרט. זי האט דאך געדיינקט, אז ער וועט קומען.

אזוי איז זי געלעגן אשטיקל צייט. געלעגן און געפילט ווי זי גייט אויס נאך עפּעס... האט זי זיך ווידער דערמאנט זיינע ווערטער: „צו וויפל אזעלכע מאמענטן איז אמענש זוכה אין זיין לעבן״ און געוואוסט האט זי, אז דאס איז אמאמענט וואס הוי׳ט זיך נישט איבער קיין סך מאל...

דאן האט זי זיך פארגעשטעלט זיינע ליפּן און האט זיך מיט די ציין געביסן.

שפּעטער איז זי אויפגעשטאנען כמעט ווי צובראכן און איז ארויס פון האטעל. זי איז איצט אוועק אין א רעסטאראן, דארט וואו די ווענט זיינען העל געשמירט. האט געגעסן מיטאג נישט פילנדיק וואס זי עסט. עפעס איז אין מויל געווען אזא מין הויערקייט וואס איז איידגענטלאך נישט זויער. האט באצאלט און נישט געציילט די רעשט, און צוריק ארויס אף דער גאס.

זי האט עפעס ווי געבלאנדזעט און געגאנגען אין דער ווענדונג צו דער גאס וואו ער וואוינט. נאר אז זי איז צוגעקומען נאָ־

ענט צו דער גאַס, האָט זי זיך ווי דערשראָקן פאַר דעם וואָס זי האָט געוואָלט טאָן. האָט זיך ראַש אויסגעדרייט און געגאַנגען גיך צוריק.

אַז זי איז שוין געשטאַנען נישט ווייט פון איר האַטעלע, האָט זי מיט אַמאָל דערזען ווי גרינואַלד קומט איר אַנטקעגן.

ער איז געווען בלייך זיינע אויגן האָבן געברענט מיט עפּעס אַזוינס וואָס מען זעט און די אויגן פון אַגייסטיק-קראַנקן... די האָר זיינען בא אים געווען ניט אין אָרדנונג פאַרקעמט און אויף די ליפּן איז אים געלעגן אַפּאַרבּיסנקייט

זי איז אים אַקעגן געגאַנגען מיט האַלב, אַראָפּגעלאָזטע אויגן. ער האָט איר דערלאַנגט די האַנט און געשוויגן.

אַווײַלע זיינען זיי געלאָפן געגאַנגען שווייגנדיק.

-- ביזט היינט געווען? -- האָט זי אָנגעהויבן און דער קאָפּ איז איר מיט אַמאָל קלאָר געוואָרן...

-- איך בין געווען.

-- און איצט, ביזטו אויך געגאַנגען צו מיר?

-- ניין.

-- נאָר?

-- איך בין כּתם אַזוי זיך געגאַנגען.

זי האָט געפילט זיין ליגענד און עס האָט איר שטאַרק געפרייט און זי האָט שוין געוואוסט, אַז זי וועט איצט מיט אים אַהיים נישט גיין. האָבן זיי זיך געלאָזט ווייטער אין גאַס.

זי האָט פּלוצלונג אָנגעהויבן דערציילן עפּעס אַמעשה. ווי איר מאַן איז שטאַרק אייפערזיכטיק, ווי ער ווערט אַפּאַרציטערטער ווען ער דערזעט איר אין שטוב... און ווי זי האָט שטאַרק ליב אַרומצוגיין אין שטוב כמעט אַנאַקעטע...

ער האָט געביסן די ליפּן און פּלוצלונג אַזאַג געטאָן אַדריק געבנדיק איר אָרעם מיט ווילדער תּאווה און אַרויסגעבּרומט באַפעלעריש:

-- געננוג!
-- ביזט אראפ פון זינען?
-- אנטשולדיק... איך...

זי האט ארויסגעריסן דעם ארים פין זיין האנט און געגאנגען באלד ברוגז׳ ביז זיי זיינען אנגעקומען אין גארטן.

ס׳איז געווען שוין אין דער שעה ווען די זון שטייט באם ראנד הימל און עס פילט זיך שוין די נאכט וואס קומט אן. צווישן די בוימער אין גארטן האט זיך שוין געטראגן אשושקען וואס מען הערט נאר באנאכט. ארום און ארום איז נאך שטארק לײדיק׳ מען האט זעלטן ווען געזען דורכגיין עפעס אנ׳ארבעטער וואס האט געטראגן אין דער האנט אקליין פעקעלע...

זיי האבן זיך געזעצט. ער האט אנגעהויבן קוקן שטרענג איר גלייך אין די אויגן אריין און זי האט זיין קוק איבערגעטראגן זייער געדולדיק אזוי׳ אז ער האט נישט געקענט וויסן וואס דאס באדייט. כעס צו עקשנות... פלוצלונג האט ער געזאגט:

-- דו ווייסט׳ איך פיל אז איך וואלט דיר געקענט דערשטיקן. זי האט געשוויגן.

-- און עפעס וואלט איך געפילט אגליק אין דעם׳ אט אזוי צודריקן דעם האלז און...

-- און וואס?

-- און די לעצטע מינוטן אפלאזן זיך מיט די ציין איינעסן אין די ליפן...

זי האט שוין געשמייכלט:

-- אוי׳ ביזטו אנאר.

-- ווירקליך?

זי האט אים געגלעט נאר ער האט זיך צו איר נישט צוגערירט ער איז איצט געווען אזוי שטארק און צוטומולט-עקשנות׳דיק אז ער איז געזעסי ווי געליימט.

זי האָט זיך אומגעקוקט דערפילנדיק אַמשונה׳דיקע שטילקייט. ערגעץ ווייט אין גאָס האָבן שוין פייערלאַך געבלישטשעט.

-- וואָס איז עפּעס היינט אַזוי שטיל? -- האָט זי אָפּרעג געטאָן.

-- ס׳איז ערב יום כפור. -- האָט גרינוואַלד רואיק געענטפערט.

-- ערב יום כפור? איר לאַכט?

-- איך לאַך נישט.

דאָס פּנים איז איר מיט אַמאָל ווי פרום געוואָרן. און די אויגן האָבן עפּעס אויסגעזען אַזוי יידישלאַך פאַרטרויערט און האַרציק. זי האָט זיך פּלוצלונג דערמאָנט אין שטעטל. דאָרט וואו אַלע לאָדענס פון די פענסטער פאַרמאַכן זיך איצטער, עפּעס אַקלאַגענדיקער קול פון אַ יידענע ביי ליכט בענטשן ציטערט אין געסל. צווישן די שפּאַרעס פון די לאָדנס זעט מען שוין ווי די ליכט ברענען. און דער טאַטע איר׳ער גייט אום אין די זאָקן מיט אַגעקניטשטן שטערן, גייט ער דורך דעם זאַמדיקן מאַרק. פון אונטער דער איבערשטער קאַפּאָטע קוקט אַרויס דער ווייסער קיטל. און האַנט טראָגט ער אונטער ווייס ליכט. פּלוצלונג ווערט אַגערויש-אַ פויר לויפט דורך דעם מאַרק. אויף דעם דראַבעניאַסטן וואָגן שטייט אַפויער. די קוטשמע איז אים אַראָפּגעהאַקט ביז די אויגן האַלט ער די לייצן און קוקט ווי יידן גייען שטיל מיט ליכט אין די הענט.

זי האָט דערפילט אַזאַ שווערע עלענטקייט און זאָרג. האָט זי זיך גענומען טוליען צו אים שטאַרקער און שטאַרקער. און ער האָט געפילט אַז דאָס איז אַטוליען פון אַהילפלאָז קינד צום פאָטער...

שטיל. עפּעס אַנ׳עלטערע דראָשקע לויפט ערגעץ פאַרביי. אין פּאַרק וויזט זיך עפּעס אַפּאַלדאַט מיט אַשיקסע, וועלכע גייען אומעטיק. און ביידע זיינען געזעסן ווי צוויי פאַרבלאָנדזשעטע קינדער...

די זון איז דערווייל אויסגעגאַנגען. די לעצטע האַרבסטיקע רויטקייט איופן הימל, איז עפּעס מיט אַמאָל ווי איינגעזאַפּט געוואָרן. אווינטל האָט זיך צובלאָזן און עס איז פינסטער געוואָרן.

זי האט פרום אויסגעצויגן צו אים די ליפן. ארומגענומען מיט אירע הענט זיין האלדז. ער האט זי ארומגענומען און צוגעצויגן צו זיך אזוי הארציג שטארק ווי ער וואלט זי געוואלט אריינדריקן איי זיך ארייז.ביידנס ליפן האבן זיך באגעגנט און זיך באהעפט...

שטיל זיינען ביידע אויפגעשטאנען. געגאנגען פעסט געארעמט און לאנגזאם. אף די גאסן איז געווען ליידיקער ווי אלע מאל עפעס האט מען נאר באגעגנט אשווייגענדיקן יידן וואס האט זיך געאיילט. דער טראמוויי איז פארבייגעלאפן כמעט ליידיק. גרינוואלד האט עפעס געוואלט זאגן, נאר קיין העזה נישט געהאט.

זיי זיינען צוגעקומען צום האטעל. ער האט אזר מיט בעטענדער בענקשאפט געקוקט אין די אויגן אריין. זי האט זיך ווי עפעס פאר־טראכט און געזאגט מיט אקול וואס איז געווען אזוי ווארעם און הארציג:

-- טייערער!

-- וואס ווילסטו זאגן?

-- נארנישט.

-- זאל איך ארויפגיין מיט דיר?

-- ווי דו ווילסט. נאר זאלסט נישט זיין משוגע.

ער איז ווי ביז געווארן. זי האט געשמייכלט האלב טרויעריק. און ער האט געזאגט:

-- וועל איך נישט ארויפגיין.

-- איז גלייכער.

-- ווען זאל איך קומען?

-- ווען דו ווילסט.

ער האט געביסן די אונטערשטע ליפ. איז געווארן צוטומלט פון הילפלאזיקייט און אים איז איינגעפאלן: מער קומט ער נישט...

---

ער איז אוועק מיעד און אין כעס. ער האט געפילט, אז עפּעס איז ער באַנאַנגען אַנרוים נאַרישקייט מיט דעם וואס ער איז היינט געקומען ער האט אויך געפילט, אז ער האט איר נישט אפגענאַרט ווען ער האט איר געזאָגט אז ער איז צו איר נישט געגאַנגען. בשעת מעשה האט ער געטראַכט.

-- ווער איז זי אַט די אידישע פרוי אין וועלכער עס האט זיך אַריינגענגב'עט עפּעס פּרעמדעס? אין איר לעבט אַנגעפּיל פון אַזעלכע וואס לעבן אין דערפער, נאענט פון וועלדער וואו סוף זומער איז דאָרט אַזוי שטיל, אז מען הערט די עלנטקייט ריידן. נאָר דאָס אידישע שטערט...

דאַ האט ער פּלוצלונג ווידער דערזען איר פאַר די אויגן, דערפילט דעם זינדיקן ריח פון אירע געדיכטע האָר, געזען די תאוה'דיקע ליניעס פון איר קערפּער. איז ער געגאַנגען און געפילט ווי דער קאָפּ ברענט אים. אַרום איז געווען אַזוי שטיל. ערגעץ איז עפּעס אַנ'אַלטע יידינע געגאַנגען מיט אַ מחזור אינטער'ן אָרעם, אַלע קלייטן זיינען אַזוי פאַר־האַקט און שטום, פון דערווייטנס קומט געציטערט אַקול פון ימים נוראים'דיקע תפלות. און אים איז געוואָרן אַזוי טרויעריק צום אויסגיין.

ער האט געבלאַנדזעט אין גאַס און נישט געוואוסט צוליב וואס. שפּעטער האט ער באַמערקט ווי ער שטייט לעבן האָטעל וואו זי וואוינט.

ער האט שוין אַנגעהויבן אַרויפגיין אויף די טרעפּ נאָר ער איז צו־ריקגעגאַנגען.

ווידער איז ער אַהיים געקומען, ווען דאָס ווייבל איז שוין גע־שלאָפן. דאָס אינגל איז געלעגן צוביליט אין זיין בעטל. די בעקלאַך האָבן געפלאַמט און די לאָקן האָבן זיי אַרומגעצוימט. האט עס אויסגע־

זען ווי דאס קעפל ליגט אין פרעמדע צארטע לאקן. אוויילע איז ער שטיין געבליבן. אנגעשטרענגט זיין בליק, דערנאך האט ער זיך אנגע־בוינן און דעם זון לייכט אקוש געטאן.

עס האט אויסגעזען ווי ער וואלט בדעה נעהאט גיין טאן אשרעק־לאכן פארברעכן פון וועלכן מען קומט נישט צוריק. געזעגנט ער זיך מיט דעם זון און בעט ביי אים אנטשולדיגונג.

שפעטער איז ער געלעגן אין בעט און מיט די ציין די קאלדרע געביסן. ער האט נישט געקענט רוען. ער האט געזען בערינא׳ס קער־פער ווי ער ליגט דארט אויפן בעט נישט צוגעדעקט. ער רייצט אזוי מיט זיין מאטער הויט, וואס לעבט אמין באזונדער לעבן. זי טראכט איצט געוויס פון אים, וויל וויסן צו ער וועט קומען אדער נישט. נאר ערוואַרטעט זי אים?

ער האט זיך אויפגעזעצט. ארומגעקוקט זיך. געזען ווי דער זייגער איז שוין דריי -- האט ער געטראכט: דער האטעל איז שוין געשלאסי... גאנץ גלייך... ער וועט נישט גיין...

## VIII.

איז עס געווען פארנאכט. איינער פון די פארנאכטן ווען אין דער כמורנעקייט פון דער וועלט פילט זיך עפעס אפרומקייט ארום און ארום איז אזוי שטיל, אז מען הערט ווי עפעס גייט אויס, דערמאנט עס אן אטאג ווען אשניי וועט זיך באוויזן. און דאן וועלן שוין אלע בלע־טער ליגן אף דער ערד צוטראטן, און די בוימער וועלן שטיין ווי סקעלעטן. אין דער לופט שמעקט עס שוין מיט אנפאנג גסיסה פאר די בלעטער.

בערינא איז גלעגן בא זיך אין צימער. געלעגן און דאס האריץ האט איר געקלאפּט רואיק און זיכער. פון די שויבן האט עס געשיינט אזוי פארנאכטיג און מיט יענער עלענטקייט ווען עס ווילט זיך אזוי שטארק טוליען צו וועמען. די ווענט זיינען איצט געווען אזוי טונקל און קאלט. און עפּעס האט זי געטראכט און גארנישט דערטראכט. איין זאך איז איר קלאָר געוואָרן: אט, אט, און זי וועט איבערלעבן אפשר איר לעצטן היילינן מאמענט. ביי דעם געדאנק איז איר אשווינדער הורכ־נעגאנגען איבערן לייב זי האט געהאט דאס צער־געפילי, אז נאכדעם וועט עפּעס אלין אנווערן. די פארב און דאס לעבן וועט ווערן לאנג־ווייליק.

און אף דער נאס האט שוין געבלאזן אזא ווינטל וואס האט געבראכט צו דעם, מענשן זאלן שווייגן... עפּעס האט דאס ווינטל גע־טריבן דאנות און זארג אין קאפּ אריין, און די הערצער האבן דערפילט א נישטזיכערקייט פאר דעם קומענדיקן קאלטן טאג.

און גרינוואלד האט געבלאנדזעט אין נאס און געדוכט האט אים, אז דאס בלאנדזעט ער שוין אפשר אפאר טעג נאכנאנד. און אז דער ווינט האט שטארקער אנגעהויבן בלאזן, האט עס אים שרעקליך גענו־מען פייניגן און ער האט דערפילט, אז געגן זיין ווילן, וועט ער דאך אהין גיין.

ער איז געגאנגען און אים האט גיך אויסגעדוכט, אז אין נאס איז אואהויערוכע, ארום און ארום הויבט דער ווינט אויף זיילן שטויב אין דער הויך און אף דער ערד דרייען זיך שטרויזאך אין א רעדל.. פאר־טויבטע קלאנגען האבן זיך געטראגן, און עפּעס האט זיך געפילט ווי אט אט וועט אראפפאלן אשניי.

פלוצלונג האט ער דערהערט אהייזעריק קול. ער האט זיך אומ־געקוקט און דערזען פאר זיך די ראונצוויימס. און מערקווירדיק -- עפּעס

האט ער אן זיי זיך געהאט איגנאנצן פארגעסן און אזוילע האט ער אף זיי געקוקט מיט דעם קוק וואס פרעגט: ווער אייגנטלאך זיינט איר? די מאדאם ראזענצווייג האט געהאלטן דעם מאן אירן פעסט אונטער האנט. דאס פנים איז איר געווען עטוואס פארבלויט אונטער דער פודרע. זי איז געווען אנגעטון אין אבלויען קאסטיום וואס פארקנעפלט זיך נאענט צום האלז און האט איר צוגעגעבן דאס געשטאלט פון אדאמע וואס וויל נאך קעמפן מיט דער עלטער... דער הער איז געווען אנגעטון אזוי ווי ער וואלט איצט געגאנגען צו גאסט. האט ער געשמייכלט אזוי זארגלאז און נאריש, אז גרינוואלד האט זיך דערמאנט אן די בירזשעס מיט וועלכע ער האנדלט.

-- וואס גייט איר אזוי פערהושך'ט? -- האט אים דער הער גע־פרעגט.

גרינוואלד האט אויסגעשטעלט פארטראכטע האלב צושראקענע אויגן און געצויגן מיט די אקסלען.

די מאדאם האט זיך אנגערופן:

-- מסתם, אז אמענש טראכט, ווייסט ער וואס ער טראכט...

גרינוואלד האט לייכט געשמייכלט. און בשעה מעשה געקוקט און נישט פארשטאנען וואס אייגנטלאך וויל זי, אט די ידענע פון אים?

ער איז מיט זיי געגאנגען. די מאדאם איז עפעס געווארן פריילאך און רירעוודיק. האט מיט דער צווייטער האנט געכאפט גרינוואלדן אונטערן ארים.

-- אך, ס'איז קאלט, האט זי זיך צו אים געטוליעט.

-- און מיר איז נישט קאלט -- האט ער ארויסגערעדט.

-- אשיינע מעשה. איר זיינט דאך נאך אאינגל -- האט דער הער ווי זיך פארגעסן און גאנץ ערנסט געזאגט.

גרינוואלד האָט זיך .צולאַכט. די מאַדאַם האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

-- איך בין גראָדע נישט אַזוי יונג. נאָר נישט אַלט... כאַ־כאַ־כאַ איר זיינט אַטייערער ייד... אַנדערע ווילן עס נישט מודה זיין... אַנט־לויפן כלומרשט פון דער אַלטקייט וועלכע לויפט מיט זיי צוזאַמען... און אַז עלטערע ווילן עס נישט מודה זיין איז עס כמעט אַסכנה.

-- וואָס פאַר אַסכנה?

-- געפּרווירן צו ווערן! כאַ־כאַ־כאַ.

די מאַדאַם איז אויש בלייך געוואָרן נאָר באַלד האָט זי זיך געפונען.

-- אַך, סאַר אַביטערער שלעכטער יונג... און זיך באַדייטנד צו־געטוליעט צו גרינוואַלדן.

גרינוואַלד איז עפּעס ווי בייז געוואָרן און געזאָגט:

-- און איך האָב נישט ליב צו זיין געאַרעמט! און אַרויסגעצויגן די האַנט.

די מאַדאַם האָט זיך אויש אָפּגעשטעלט. דער העד האָט געקוקט אַזוי ערנסט און מיט פאַרדרוס. נאָר דאָ האָט גרינוואַלד געגעבן אַשאָקל מיטן קאָפּ, אַהויב די הוט, אויסגעדרייט זיך און אַנגעהויבן שפּאַנען צו־ריק, שמייכלענדיק אין זיך אַליין און מער נישט אומגעקוקט זיך.

אַז ער איז צוגעקומען צום האָטעל, האָט אים ווידער אַנגעהויבן קלאַפּן דאָס האַרץ. האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אַף אַווײלע און באַלד זיך געהיילט האַסטיג אַף די טרעפּ. איז צו דריסט צו דער טיר. פּונקט ווי אַלץ איז בא אים אין דער מינוט ריכטיק געוואָרן. האָט ער אַנגע־קלאַפּט און נישט געהערט קיין ענטפער.

ער האָט געגעבן אַריר די טיר-- זי האָט זיך געעפנט פּונקט ווי זי וואָלט אַף אים געוואַרט.

ער איז שטיין געבליבן אין דער טונקעלקייט. בערינא איז געלעגן אפן בעט. ער האט נאר געזען ווי אירע שווארצע אויגן בלישטשען. זי האט געשוויגן. האט זיך געלאסן אויפגעהויבן מיט צולאזטע האר. איז צוגעגאנגען גלייך צו אים. ער איז געשטאנען שטאליך און הילפלאז. זי האט מיט אירעביידע הענט אנגענומען זיין קאפ. האט אים לאנג׳ לאנג׳ אריינגעקוקט אין די אויגן. און ער האט געפילט עפעס אשטילע היילינקייט וואס פילט זיך אין דער גרעסטער זינד...

און עס וואלט געווען ווי ביידע וואלטן זינקן און זיך איינזאפן אין דער טונקלקייט פון דער נאכט. ווען אין דרויסן איז אשרעקלאכע זאוויארוכע און אפן טיש ברענעי גרויסע וועקסענע ליכט...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ער איז געווען מיד. דער געדאנק איז אויסגעגאנגען און ער האט נעהאט דאס געפיל פון איינעם אטוריסט וואס איז ענדליך געקומען ביז צום שפיץ פון אהויכן בארג. דערנאך איז ער מיט אמאל אראפגעפאלן.

זי האט מיט אמאל אזיפץ געטאן:

-- וואס שווייגסטו?

-- איך טראכט פון מאדאם ראזענצווייג.

זי האט זיך דערשראקן און זיך אויפגעזעצט.

-- ווענן וואס רעדסטו?

-- איך האב איר היינט אין נאס באגעגנט...

-- נו?

-- כא־כא־כא! מאדנע. זי איז שוין לאנג איבערגעוואקסן איר יוגנט. זעט זי אויס ווי א ערד־געוויקס אין שפעטן הארבסט... זי אבער קעמפט און וויל זיך נישט אונטערגעבן. ווען זי וואלט עס כאטש גע־טאן׳ וואלט מעי ווייניגסטענס געקענט אף איר רחמנות האבן...

-- וועל איך אזוי זיין?

-- געווים.

-- און איך גיבן?

-- ס'קען זיין.

-- וועל איך נאך אין אפּאר יאר ארום אזוי אויסזען?... און איר שטימע האט געקלונגען עפּעס אטרויער.

-- גאנץ געווים. אפּרוי לעבט ביז איבער דרייסיג יאר. וועה איז דער וואס האט עס אין זינען נישט געהאט... ערגער איז דער וואס וויל עס נישט אנערקענען.

זי האט געשוויגן און געפילט אז זיין קול איז עפּעס אנדערש געווארן און אז עפּעס איז אים מיט אמאל פארלאשן געווארן.

-- נייך, איך וועל אזוי קיינמאל נישט זיין.

-- מעגליך. האט ער געלאכט.

זי האט געזאגט:

-- אפשר ארויסדרייען די עלעקטריע?

-- ס'איז שוין פינסטער?

---

די עלעקטריע האט געברענט. ער האט זיך געקאמט די האר. זי האט געקוקט און געזען ווי ער האט נאר אנדערע פּנים באקומען. און עפּעס איז איר געווארן צום וויינען.

ער האט זיך לעבן איר געזעצט. זי האט זיך צו אים געטוליעט און געזאגט:

-- דו ווילסט אהיים גיין?

ער האט זיך ווי אביסל פארשעמט און געענטפערט:

-- איך בין אגאנצן טאג פון דער היים.

-- נו, גוט.

זי האט אים נאך אמאל ארומגענומען דעם קאפ און גלייך אין די ליפן געקושט, ביז -- זי האט אים אשטארקן ביס געטאן אזוי פלינק און שארף, אז ער האט אזש אציטער געטאן.

זי האט צוגענומען אירע ליפן און דערזען פון זיין אונטערשטער ליפ פליסט אדין שטראמעלע בלוט. האט זי אנגעהויבן ריידן צו אים אזוי אינטים, קינדעריש און אים אפגעקושט די ליפן.

ער האט זיך ווי גטברוגזט און זי האט געלאכט. נאר אז ער איז אויפגעשטאנען צום אוועקגיין האט זי דערפילט ווי טרערן שטייען איר אין די אויגן...

---

ער איז שוין נישט געווען. זי איז געזעסן ביים טישל. האט עפעס געטראכט וועגן דעם, וואס אזא זאך פאסירט מיט איר נישט צום ערשטן מאל און ווי אליז ארום איז אזוי פוסט... עס קומט אן דער ווינטער. ווען אין שטעטל, וואו די שוויגער וואוינט, ווערט אזא בלאטע און איבערן שטעטל הייגנט אזא פוילער געגעץ... און בא גרינוואלדן אין שטוב איז פאראן א ווייבל מיט א זון...

זי האט זיך געווארפן אפן בעט. האט געגראבן דאס פנים אין קישן...

דערנאך איז זי געלעגן מיטן פנים ארויף און געפילט בא די שלייפן אווארם ריטשיקל וואס לאזט זיך אראפ צו די אויערן...

שפעטער האט זי זיך אויפגעזעצט. זיך איינגעהילט אין אטוך. און געפילט האט זי -- פונקט אזוי ווי מיט איר וואלט כלל קיין שום זאך נישט געשען. נאר אז דער מאן פארט ערגעץ ארום און זי איז אליין, אזוי עלנט און איינזאם.

און דאָן האט זי נעפּילט דעם ריח פון אבלאטינער גאס ווען דער הימל איז שוואַרין און פין די פענסטער שיינען פייערלאך און עס ציט אזוי צו היימישקייט און ווארימקייט. און אשוידער איז איר דורכגעלאפן איבערן לייב. דאן האט זי זיך פלוצלונג דערמאנט. ערגעץ פארט ארום דער מאן אירער אין די קאלטע גובערניעס. שטייט אין אין רייכע שיינע האטעלן אין די שטעט. מאכט אסך באשטעלונגען. און אין קליינעם שטעטל איז אזוי בלאטיג... מען דארף אים אנשרייבן אבריוו...

אדעס, 1917.

